ארנ ווערגעליס

# ביראָבידזשאנער דאָר

אָגיז
מעלוכע־פארלאג „דער עמעס"
מאָסקווע 1948

# דאָס געזאנג וועגנ יויסעפ בומאגינ

דער געוועזענער בויער פונעם בירא̈בידזשאנער וועגע־נער־זאוואָד יויסעפ בומאגינ האָט אינ שלאכט פארנ היימלאנד, באם אײַנעמענ די דײַטשישע שטאָט ברעסלאו, איבערגעכאזערט דעמ אומשטערבלעכנ העלדנטאט פונ אלעקסאנדער מאטראָסאָוו. בומאגינ האָט מיטנ אייגענעמ קערפער צוגעדעקט די אמבראזור פונ א דײַטשישנ דאָט אונ האָט דערמיט אנטשיידט דעמ דערפאָלג פונ א וויכטיקער קריגס־אָפעראציע פונ אונדזער מיליטער. יויסעפ בומאגינ איז נאָכנ טויט באערט געוואָרנ מיטנ טיטל העלד פונ סאָוועטנ־פארבאנד.

# ערשטער טייל

## 1

געקומענ איז דער פרילינג אונ פארנומענ
דאָס שלאכט-פעלד, די פּאָזיציע, די טראנשײ:
דער בארג־ארופ צומ ברוסטווער — שוינ אינ בלומענ,
דער בארג־אראָפּ פונ ברוסטווער — נאָכ אינ שניי.
וווהינ איז, לייטענאנט, דײנ טרוימ פארפלויגנ —
דו בענקסט נאָכ זומער צי דערמאָנסט די פרעסט?
א שטרויעלע פארלירט לעמ דיר דער פויגל,
וואָס פליט פארבײ צו בויענ זיכ א נעסט.
צי ווײל ער פליט, אונ דו האָסט זיכ פארגראָבנ,
צי ווײל דעמ פויגלס מי איז אזוי דרייסט —
עס גלוסט זיכ דיר א גלעט טאָנ אימ דעמ שנאָבל
אונ אָפּווישנ פונ פליגל אימ דעמ שווייס,
זיכ אופהייבנ, ארויסגײנ פונ דער גרוב,
אונ ווי א גוטנ פרײנט דעמ פויגל זאָגנ,
אז דו האָסט אויכ אמאָל פונ וואלד געטראָגנ
א בערוועלע אפּ בויענ זיכ א שטוב.

2

דער פריילעכער, דער פויגלשער געווימל
דעמ לייטענאנט האָט אויש געטאָנ א שטוים...
ניט שוינ זשע האָט ער אויכ געכאַפּט א דרימל?
א הייב געטאָנ זיכ... אונ דער כאָלעמ — אוים.
ער האָט זיכ אומגעקוקט. די זעלנער שלאָפנ
ווי פאַסטעכער באַטאָג אונטער דער זונ:
די העמט צעוואָרפנ, אונ די מײַלער אָפנ,
דער אָטעמ פונ דער פולער ברוסט — געזונט.
א האלבע שאָ וועט דויערנ די רו נאָכ,
א האלבע שאָ וועט שלאָפנ נאָכ דאָס פעלד,
דערנאָכ וועלנ מיט אויסגעקנאַל פונ דונער
הארמאטנ אָפּגעבנ צומ אָנגריפ א באַפעל:
— עס וויל דער יונישער, אונ דאָס היימלאַנד וויל,
דעמ סוינעס שטאָט ברעסלאו זאָל הײַנט פאלנ!

ס'איז פרילינג, לייטענאַנט. פאַרפולט מיט שטראַלנ
דאָס מידע אויג. אונ אפ דעמ פעלד איז — שטיל...

3

ער האָט א גראָב-אײַזנ בא א סאַפּיאָר געגומענ,
א קוק געטאָנ פאַרבענקט אפ דער טראַנשיי:
דער בארג-ארופ צומ ברוסטווער — שוינ איינ בלומענ,
דער בארג-אראָפּ פונ ברוסטווער — נאָכ איינ שניי.
דאָס הארצ האָט אימ א ציי געטאָנ צו ארבעט,
צו האָרעוואַניע האָט א ציי געטאָנ די הענט.

יאָ, יאָ, די מי אין קריג — זי איז אַ האַרבע,
נאָר פון דער מי ניט וואַקסן אויס קיין ווענט.
עס גייען פון דער מי ניט אוף קיין ברויטן,
אין הייזער ווערט ניט ליכטיק פון דער מי,
דו פויזעסט אויס די ערד דורך זיבן טויטן,
דורך שווייס און בלוט — צו יענעם אינדערפרי,
ווען ס'וועט דיין שטרענגע, דיין גערעכטע שווערד
פאַרהאַמען דעם פאַרדאָרבענעם פאַרדאַרבער,
און ווידער וועט באַשערט זיין דיר דיין אַרבעט,
און האָרעווען וועט דיר ניט זיין פאַרווערט.

4

דאָס וואַסער הייבט זיך אוף און וויל פאַרפלייצן
דעם זעלבערס נעסט באַם פייערדיקן ראַנד.
ס'זאָל טרוקן זיין די ערד אונטער די פלייצעס
בא די, וואָס רוען, האָט דער לייטענאַנט
אַ ריטשקע אויסגעגראָבן און דאָס וואַסער
פון דער טראַנשיי אַראָפּגעלאָזט אין פעלד,
געאַרבעט, ביז אָפּ אים געוואָרן נאַס איז
דאָס העמד דאָס הייסע אונטער דער שינעל.
ער וואָלט פאַרקאַטשעט זיך אַצינד די אַרבל
אָפּ אויסקאָרטשען אַ וואַלד צו דעם פאַרזיי,
דאָרט אין טייגאַ איז איצט אַזויפיל אַרבעט —
אין אָנהייב פרילינג, ווען ס'צעגייט דער שניי!
צוריק מיט צוועלעף פרילינגן אַזוואַרע
איז ער געקומען אין דעם ווייטן לאַנד
אָפּ איינעמען און צוימען די בירע דאָרט.
אָפּ איינעמען און צוימען דעם בידזשאַן.

5

דער אַלטער וואַלד, דאָס טײַגע־לאַנד דאָס גרויסע
אַף זײַן באַצווינגער האָט געקוקט געהיים.
א פֿויגל האָט געפֿרעגט: — וואָס בויסטו, יויסעף?
און יויסעף האָט געענטפֿערט: — כ'בוי א היים!
— ס'וועט זײַן א קריג, און דו אין קריג וועסט שטאַרבן...
נאָר רויִק איז געבליבן יויסעפֿס בליק:
— די היים כ'וועל אויסבויען אין שווערער אַרבעט,
און בויען כ'וועל זי אויך אין שווערן קריג,
די שטוב, וואָס איך שטעל אויף איצט בײַ דער בירע,
וועט בײַשטיין אין מילכאָמע און אין צאַר,
ווײַל איך, דער בויער און דער היטער אירער,
וועל היטן אירע טירן פֿון געפֿאַר!

6

ווען ס'ציילט דער קריג שוין זײַנע לעצטע שאָען —
וואָס קלאַפּט אַזוי דאָס האַרץ בײַ דעם סאָלדאַט?
דײַן זיג — ער איז אַזוי שוין נאָענט.
געפֿין אים אַף דעם זייגערס ציפֿערבלאַט.
אָט ביסטו צו דעם סוינעס שטאָט געקומען,
דײַן שטאָט איז איצט באַוואָרנט שוין פֿון ווײ.
דער באַרג־אַרויף צום ברוסטווער — שוין אין בלומען,
דער באַרג־אַראָפּ פֿון ברוסטווער — נאָך אין שניי.
די שאָ פֿון רו איז חורב, און איצטער — וואַגן
און דרייסט זײַן אין דער שלאַכט איז דײַן געבאָט.
— וועקט אויף פֿון שלאָף דעם לייטענאַנט בומאַגין!
— דער לייטענאַנט בומאַגין איז באַם דראָט!

דו רוסט ניט, יאָסעפּ? — פרעגט אינ טעלעפאָנ
דער קאָמאַנדיר, אונ יויסעפּס שטימ ווערט האַרבער:
— מײַנ ווזוואָד אונ איכ — מיר בענקענ שוינ נאָכ ארבעט!
— נאָכ ארבעט בענקסטו? הייב דעמ אָנגריפ אָנ!

7

די זעלנער כאַפּנ אופּ זיכ אונ באַווײַזנ
פאַר צוויי מינוט שוינ גרייט זײַנ צו דער שלאַכט,
אונ יויסעפּ הערט זיכ אײַנ אינ קלונג פונ אײַזנ,
אינ אָטעמ פונ די זעלנער — אונ ער טראַכט:
„דאָס גאַנצע לאַנד אונ אויכ מײַנ ווײַטע געגנט
איז אפּ דער פאָדערליניע אינ אָט דעמ גאַנצפרי.
ס'וועט זײַנ א צײַט — מע וועט דעמ בויער וועקנ
צו פּראָסטער האָרעוואַניע — צו מי...“
געראמ אונ שטיל אונ וואַרעמ אינ דער ברוסט ווערט,
אונ פול מיט שײַנ דאָס האַרצ ווערט אונ דער בליק.
ער לייגט די הענט אנידער אפּ דעמ ברוסטווער
צומ קוילנוואַרפער — אונ דערפילט דאָס גליק,
גלײַכ ער וואָלט צוגערירט צו ניט-דערבויטע ווענט,
צו פעלדער אונ צו לאָנקעס אונ צו פּאַסעקעס
די קנאָביקע, די בײַנערדיקע האָרעפּאַשניקעס,
די אָדערדיקע, די מאָזאָליעדיקע הענט.

# צווייטער טייל

פונ לאנדס דערוואכטער טיפ, פונ לאנדס באוואכטע ראנדנ
עס זאמלט זיכ צונויפ דאָס מעכטיקע געזינד
פונ ווײַטע אונ פונ נאָענטע געגנטנ אונ קאנטנ —
א בליק טאָנ צו דעם פראָנט, א מאָנ טאָנ בא די זינ,
זיי זאָלנ גיכער מעגאצייעכ זײַנ דעם סוינע,
א הילכ געבנ אפ הונדערטער לעשוינעס:
— דו רויבער-פלאמ, דו קוילער-שטאמ, פארשווינד!

דער רוסישער אוראל, דאָס סטעפּישע קאזאכ-לאנד,
ווײַסרוסלאנד, אוקראינע אונ קובאנ,
קאווקאז, דאָס הויכע לאנד, אונ דאָס ריאזאנער פלאכלאנד,
אונ גרוזיע, אונ אזערבײַדזשאנ —
זיי קומענ זיכ צונויפ. זיי האָבנ זיכ באגעגנט.
אונ צווישנ זיי איז אויכ די סאמע יינגסטע געגנט,
דער קאנט בא דעם אמור, דאָס לאנד ביראָבידזשאנ.

די געגנט גייט צומ פראָנט. סיביר שפּרייט אויס די וועגנ,
אפ אקסל פונ די בערג אוראל טראָגט זי אהינ,
אונ ס'כידעשט זיכ די וועלט: זי איז נאָכ יונג, די געגנט —
זי האָט שוינ אינ געפעכט געשיקט אויכ אירע זינ?
אונ ס'ענטפערט אפ דאָס לאנד, אונ ענטפער גיט דער ראכוועס:
— די יונגפרוי האָט שוינ זינ! די יונגפרוי קלײַבט שוינ נאכעס!
זי האָט פארדינט שוינ רומ אינ אונדזער גרויס געזינד!

די געגנט קומט צומ פראָנט. עס קלאפּט אינ בלוטנ אירע
א צאָרנדיקער ווילנ: אָפּצאָלנ פאר אלצ,

פארקלאמערן די שטײַפע פינגער פון דער בירע
מיט קויעך און מיט האס אף שפּרײַעס טרײַפן האלדז.
פאר דעם, וואס זי האט וועלטן אויסגעווייקט אין טרערן,
פאר ווילדן לוסט צו טויט, צו בלוט און צו צעשטערונג,
פאר אומגליק און פאר ווײ — פאר אלץ, פאר אלץ, פאר אלץ —
א סאפּקע, ווי א שטײן, א וואָרף טאָן איר אין פּאָנעם!

עס רופט זיך אָן דער פּראָנט: „ביראָבידזשאן, באַווײַז
וואָס האסטו הײַנט געבראַכט די זעלנער, דײַנע באָנים?
פון טײַגע א באַפעל? פון הינטערלאנד א נײַס?"
„אָ, גרויסער פּראָנט, — די געגנט ענטפערט ווילִיק, —
דו ווייסט, אז איך האָב זין אין לאנד, וווּ ס'איז איצט פרילינג,
און זין האָב איך אויך דאָרט, וווּ ס'איז אצינד נאָך אײַז,
נאָר דער, וואָס לעם ברעסלאו גייט איצט אין אטאקע,
ער איז בא מיר דער בכור. די ביקס איז אים פארטרויט.
אין פיר זשע מיך אהין, וווּ דאָס געפעכט איצט פלאקערט,
וווּ ס'צינדט זיך אָן דאָס ליכט, וווּ ס'לעשט זיך אויס דער טויט.
איך וויל דערמונטערן מײַן העלד און אים באדאנקען,
איך האָב געבראַכט אים פון דער היימשטאָט א טאטשאנקע,
פון דעם זאוואָד, וואָס ער אלײן האָט אים געבויט".

און פּונקט ווי אין טײַגא זי פלעגט באגלייטן טרײַ אים,
באגלייט זי אים אין שלאכט און גיט אים מיט אין וועג
א שארפשטיין פון כינגאן — אף שלײַפן דעם קלייזײַען,
די כאָכמע פון דעם וואלד — די טוירע פון געיעג,
זי גיסט אים אָן אין פליאגע היילוואסער קולדורע,
די האנט זי גורט אים אָן מיט גיבער־קראפט אמורער:
— גיי, יוסעף, אין דײַן לעצטן גרויזאמען געשלעג!

# דריטער טייל

די צוועלעף קוילנוואַרפֿערס פֿון בזמאַגינס וואָקזאַל —
זיי שטעפּן אויס אַ שטיקל פֿרײַע ערד — אַ טראָט
פֿאַר דער פֿעכאָטע און די פֿאַרשטאָטישע ליגן.
די טאַנקען זײַנען שוין אַרײַן אין שטאָט,
אין פֿלאַם און רויך דעם סוינעס לײַט זיך שטיקן,

עס נעמט די שלאַכט צעפֿירן זיך די הענט —
זי אײַלט, זי רוישט, זי וואַלגערט און פֿאַרברענט
און טריקנט אויס די ערשטע פֿרילינג־טויען.
די מענטשן האָרעווען אַרום פֿאַרקוילטע ווענט,
גלײַך ווי די שטאָט אַפֿסנײַ זיי וואָלטן בויען.

אַרויף־אַראָפּ פֿון שטאָק צו שטאָק מען לויפֿט,
אַף דעכער שאַרט מען קופּעס שטיין צונויף —
אוועקלייגן אַף זיי די ביקסן־רערן,
און דעם, וועמען ס׳געהער איצט נאָר איין הויף, —
די גאַנצע שטאָט וועט הײַנט צו אים געהערן.

בזמאַגינס קוילנוואַרפֿער רײַסט זיך צו דעם קריג
מיט פֿײַקל־גלעקעלעך, וואָס ציטערן צעוויגט
אין קוילן־לעכטעס פֿולע מיט נעקאָמע,
צי עפּשער איז עס גאָר אַ גלאָק פֿון זיג,
וואָס זאָגט שוין אָן דעם סאָף פֿון דער מילכאָמע.

די פאָרשטאָט ברענט, ווי אויסגעטריקנט גראָז,
זי פלאַצט אונ פאַלט אונ קרישלט זיך ווי גלאָז
אונטערנ טראָט פונ זיגער אונ באַפרײַער.
אונ יויסעפ ליגט באַמ אָנגעגליטנ שלאָס
אונ טוט א וויקל אָפ דאָס שנירעלע פונ פײַער.

אזוי איז ער געשטיגנ איבער ווענט:
דעמ קוילנוואַרפער אופגעהויבנ אָפ די הענט,
דאָס אײַזנ האָט אָפ דלאָניעס זיך צעקלונגענ.
א טראָט. אונ ווידער ליגט ער צו דעמ שלאָס געלענט —
אונ טוט א וויקל אָפ דאָס שנירל שאַרפע פונקענ.

בוממאַגינ זעט: דער רויך איז שוואַרצ, ווי פעך,
דערמאָנט ער זיך א סריפע אינ זײַנ צעך.
אינ וועגענער־זאַוואָד. דעמ פלאַמ געלאָשנ
עס האָבנ זײַנע הענט, וואָס הײַנט מיט רעכט
א העלנ פלאַמ אינ סוינעס שטאָט צעבלאָזנ.

א הויף אונ נאָך א הויף. דער פײַנט טרעט אָפ אינ שטאָט.
אונ פלוצעמ זעט בוממאַגינ: שטעכיק דראָט
אינ פינעפ רייענ. ריווע. טיפע גריבער.
בא דעמ ארײַנגאַנג שטייט א פוסטער דאָט —
א שוימער פונעמ טויט־לאַגער געבליבנ.

בא גריבער ליגנ די הארוגימ ענג:
א זאָקנ — אײַנגעקאָרטשעט, ווי פונ א געדרענג,
א יונג — די הענט באַמ האַרצנ, ווי ער וואָלט געשווירנ,
אונ צווישנ זיי א פרוי — דאָס פּאָנעמ שטרענג,
גלײַך בא דער גרוב זי וואָלט דער וועלט א קינד געבוירנ.

— אָ, דײַטשלאַנד, דײַטשלאַנד! — שרײַט בומאגינ אויס,
אונ אפ ברעסלאו הייבט ער אופ א פויסט,
וואָס האַרט איז ווי די לעדער פונ זײַנ ראנעצ.
אונ ער דערזעט: פונ גרוב, א מענטש וואקסט אויס.
ער שעפטשעט שטיל: „Ти руський чи германець“?

דער לעצטער מענטש. דער איינציקער. ער גייט.
איינ אויג בא אים איז נאָכ מיט שניי פארווייט,
איינ צווייטנ אויג א זונ־שטראל שוינ פאראנ איצט.
ער גלייבט נאָכ ניט דער לויכטנדיקער פרייד,
ער פרעגט בא יויסעפנ: „Ти руський чи германець“?

— איכ בינ א רוסישער סאָלדאט, א ייִד פונ יענער זײַט סיביר! —
שרײַט יויסעפ אויס, אונ דער אוקראַיִנער פירט
אים דורכ די דראָט־פארצוימונגענ אריבער.
— געווענ אויכ ייִדנ דאָ... ניט זוכ זיי, זאָג איכ דיר,
שטעל זיכ א רעגע אָפּ נאָר בא די גריבער.

א בליק געטאָנ האָט נאָר בומאגינס ווזוואָד...
אונ פרישער צאָרנ אופגערודערט האָט
די הערצער בא די זיגער אונ באפרײַער.
ברעסלאו ברענט! זי ברענט, די דײַטשע שטאָט!
דער סוינע לויפט! — דערלאנג, דערלאנג אים! פײַער!

— איכ בינ א רוסישער סאָלדאט, א ייִד פונ יענער זײַט סיביר,
עס האָבנ די כינגאנער בערג מיכ אופגעהויבנ איבער צײַטנ הארבע.
די סיביריאקעס בירעשנ זיכ, קוקנדיק אופ מיר,
ווי איכ בינ היימיש מיטנ קריג אונ מיט דער ארבעט.

מײַנ דאָר איז אויסגעוואקסנ אפ א רוסיש פעלד
מיט שטאַרקע אָדערנ, מיט ברייטער ברוסט — אינ מי דערוואָרבנ,
אונ ווי א ברודער בינ איכ ענלעכ אפ מאטראָסאָווג דעם העלד,
אונ ווי א זונ בינ איכ געראָטנ אינ באר-קאָכבענ.

כ'בינ סטאַלינס א סאָלדאט. אפ פעלצער פונ אייראָפּע כ'קומ
ווי א באפרייער, ווי א ייִד אונ ווי א ריכטער,
איכ קומ מיט די, וואָס היטנ אָפּ די שײַנ פונ רוסלאנדס זונ
אונ דאָס סאָוועטיש גליק זיי לאָזנ ניט פארניכטנ.

דער פײַנט האָט אויסראָטנ געוואָלט מײַנ שטאמ,
אונ איכ לאָד אוים אפ אים מײַנ הארצ, ווי א גראנאטע.
איכ בינ א רוסישער סאָלדאט. געשיקט האָט מיכ ביראָבידזשאנ.
איכ קומ מיט די, וואָס גייענ וועלטנ ראטעווענ!

# פערטער טייל

1

זע, געגנט ידישע, דײַנ בכאָר איז שוינ דערגאנגענ
צו פלעצער פונ ברעסלאו. דאָ וועט ער
דאָס לעצטע מאָל ארויסגיינ אינ געראנגל
פאר דעמ, וואָס איז אימ טײַער אפ דער ערד.
קוק, געגנט ידישע, אונ זײַ אנ איידעס,
ווי שיינ עס איז אינ דער מינוט דײַנ בכאָר,
גיינ, ניט פארפלעקט דעמ רומ פונ זײַנע זיידעס
אונ אָפגעהיט דעמ קאָוועד פונ זײַנ דאָר.

2

ס'איז ענג אונ נאס אונ שטויביק אינ דעמ קעלער,
ווו ס'כאפט דעמ אָטעמ איבער יויסעפס ווזוואָד,
אונ באלד וועלנ די אויסגעווייקטע זעלנער
ארויסגיינ אפ צו שטורעמענ א דאָט.
זיי ווייסנ נאָכ ניט, ווער עס וועט דאָרט פאלנ,
זיי זיצנ אינ א קרײַז אונ ריידנ שטיל,
סערזשאנט גאשווילי זאָגט: — איכ בינ א באלנ
נאָכ לעבנ אכציק יאָר.
— אונ איכ, איכ וויל, —
זאָגט דער פאָלטאווער פויער קאָלאָדי, —

דערלעבנ ביזנ זיג... אונ גלייבט, סאָלדאטנ,
אז טרוימענ איצט פונ אכציק יאָר איז פרי,
מע דארפ, דער זיג זאָל עס אפרי'ר באשטאטנ...“

3

מע גיסט די פליאגעס אָנ, מע טרינקט „לעכאימ“,
בומאגינ צומ ארויסגאנג שטעלט א טראָט:
— סאָלדאטעלעכ, די סעכערעס צעקײַעט —
אניט וועט איר ניט אײַנבײַסנ דעמ דאָט...
אזוי — מיט גרינגע הערצער, ווי אפ ארבעט,
מע גייט אינ פײַער רויק אונ באדאכט.
אָ, ווער פונ אײַכ וועט יונגערהייט הײַנט שטארבנ,
סאָלדאטנ, האָרעפאשניקעס פונ שלאכט?
אָ, ווער פונ אײַכ — געזונט אונ שטארק אונ שיינ,
מיט ליכטנדיקע טרוימענ אונ באגערנ
וועט אפנ ראנד פונ אונדזער זיג פארגיינ,
ווי אפנ ראנד פונ טאָג ס'פארגייט א שטערנ?..

4

בירָאבידזשאנ! פונ ווײַטע שטשוק־פאקטוי־בערג [1],
צו גרוזיע דײַנ ווײ-געשריי שרײַ אויס:
דעמ ערשטנ האָט צעפיקט דער דאָט דער רויבער
גאשווילינ, וועמענס לעבנ ס'האָט געברויזט
ווי ווײַנ צעשוימטער אינ אנ ענגנ לאָגל.
בומאגינ האָט פארקריצט פונ ווײ די ציינ:
— א סאָפקע וואָלט ער איצט אהער דערטראָגנ, —

---

1 א בארג־רוקנ אינ בירָאבידזשאנ.

אינ סוינע זי א וואָרפ טאָג ווי א שטיינ!
צומ דאָט עס פויזעט צו דער לייטענאנט
אונ די גראנאטעס נעמט אראָפ פונ גארטל,
אונ ביז ער וועט א ריס געבנ די האנט,
וואָלט ער א ווײַלע ליגנ נאָכ אונ טראכטנ.

5

נאָר ס'שלאָגט די שאָ. קוק, בירעאָבידזשאנ, מיט בידעש
אונ דעמ געוואגטנ זונ דײַנעמ דערקענ.
ווער האָט מיט קראפט געבענטשט דאָס הארצ דאָס ייִדיש?
ווער האָט בא שימשענענ אפסנײַ געשטארקט די הענט?
דער רוסישער אוראל, דאָס סטעפּישע קאזאכ-לאנד,
ווײַסרוסלאנד, אוקראיִנע אונ קובאנ,
קאווקאז — דאָס הויכע לאנד אונ דאָס ריאזאנער פּלאכלאנד,
אונ גרוזיע, אונ אזערבײַדזשאנ,
דו, ייִדישער, באזונטער, שיינער קאנט —
באוואָרנט אימ, געבענטשט אימ אונ געבאָוועט,
אז מיט דעמ יונגנ וואָרט „בירעאָבידזשאנ"
זאָל ער אינ שלאכט איצט היילינ דײַנ קאָווער.

6

ער האָט מיט צוויי גראנאטעס אופגעריסנ
איינ קוילנוואָרפער אינעמ דײַטשנ דאָט,
נאָר ס'האָט א צווייטער באלד גענומענ שיסנ,
א צווייטער, וואָס ביז איצט געשוויגנ האָט.
אונ יויסעפ האָט ניט קיינ גראנאטעס שוינ באמ גארטל,
איז וואָס זשע בלײַבט דיר טאָנ איצט, לייטענאנט?
— איכ האָב א ברוסט א ברייטע אונ א הארטע,
אונ אויכ א הארצ א יונגס בא מיר פאראנ...

7

און אין דער לופט שוועבט דורך א רוסיש פּאַנעם,
א שלאַכטמאַנ אינ א פּעלצ, פאַרשנייט, פאַרווייט —
בומאַגינ, דוכט זיכ, באַ דער האַנט נעמט אָנ אימ:
— מאַטראָסאָוו! — האָט בומאַגינ זיכ דערפרייט, —
דעמ וועג, וואָס דו האָסט איינמאָל שוינ באַטראָטנ,
ער שטייט מיר פאַר איצט, אָט דער וועג פונ מוט.
כ'בינ סטאַלינס א סאָלדאַט, אינ דיר געראָטנ,
ס'פאַלט אָפּ איינ וואָגשאָל אונדזער ביידנס בלוט...
מאַטראָסאָוו גייט. זיינ ליכטנדיקער שפּור
פירט יויסעפנ אַרויס צומ דאָט צומ שוואַרצנ,
און יויסעפ וואַרפט זיכ אָפ דער אמבראַזור
און דעקט זי צו מיט צאַפּל פונ זיינ האַרצנ.

8

געקומענ איז דער פרילינג און פאַרנומענ
ברעסלאַו, דייטשלאַנדס אייזערנע טראַנשיי.
דער באַרג-אַרויפ באַמ אָדער — שוינ אינ בלומענ,
דער באַרג-אַראָפּ צומ ריינ איז נאָכ אינ שניי.
די רויבער־נעסט — צעקרישלט און צעבראָכנ,
און ווי א יעגער נאָכ א שווער געיעג,
בומאַגינ ליגט באַמ טויער פונ ניצאָכנ
די הענט אַוועקגעלייגט אָפ דעמ באַפרייטנ וועג —
גלייכ ער וואָלט טראָגנ צו די ניט-דערבויטע וועגנ,
צו פעלדער און צו לאָנקעס און צו פּאַסעקעס
די אָדערדיקע, די מאָזאָליעדיקע הענט —
די קנאָכיקע, די ביינערדיקע האָרעפּאַשניקעס.

— נעמ, געגנט יידישע, בוזאגינס רומ און פיר אימ
ארײַנ מיט קאוועד אינ לעגענדעס פונ דײַנ שטאמ,
ס'זאל יויסעפ זײַנ דער יונגער שיר-האשירימ
פונ אלטנ פאלק זײַנעמ אינ לאנד ביראבידזשאנ.
קער אומ זיכ צומ אמור. סיביר שפרייט אויס די וועגנ,
אפ אקסל פונ די בערג אוראל דיכ טראגט אהינ,
אונ ס'כידעשט זיכ די וועלט: זי איז נאכ יונג, די געגנט,
נאר זי האט שוינ געבראכט דעמ לאנד גיבוירימ זינ.
די יונגפרוי האט פארדינט שוינ רומ אינ גרויסנ קריג,
די יונגפרוי האט גענומענ פאר איר פאלק נעקאמע.
אפ ראסוועסנ פונ לאנד עס קלינגט דער גלאק פונ זיג
אונ זאגט שוינ אנ דעמ סאפ פונ דער מילכאמע.

1948 י.

# 1. צווישנ בירע אונ בידזשאנ

* * *

מיר זײַנענ דורכגעגאנגענ היצנ אונ טײַפונענ
מיט א געבאָט — געמאָלדנ אינ דער וועלט:
ווילסט טרינקענ וואסער — גראָב אליינ דעמ ברונעמ,
ווילסט עסנ ברויט — פארזיי אליינ דאָס פעלד!

אונ דאָס געבאָט — מיט הארבער מי געלײַטערט,
מיר האָבנ אויסגעהאקט אפ זיכ, ווי אפ א שטיינ:
ווילסט ליכט אונ ווארעמקײַט — צינד אָנ אליינ דעמ שײַטער,
אונ ווילסטו היימלעכקײַט, איז בוי אליינ דײַנ היימ!

## פרילינג אין מײַן קאנט

באַ יעדן טײַך, אפ יעדן ברעג,
אין יעדער שטאָט, אפ יעדן ראָג
טרעפט, אז עס קומט צו גיין דער טאָג,
ווען ס'איז די נאכט נאָך ניט אוועק.
דאַן ווערט די וועלט צעטיילט אפ צוויי:
איין טייל נאָך שלאָפט, די צווייטע וואכט,
ס'איז אפן מײַרעוו שטיל און נאכט,
און ווי א פאקעל אינעם שניי
גייט אוף די זון אפ מיזרעכ-ראנד —
ס'איז פרילינג אין ביראָבידזשאַן.

עס כאפט אין וואלד א וואָלף זיך אוף.
ער ציט זיך אויס מיט שלאנקן גוף,
ער גיט א יאָג זיך צו דעם טאָל —
די לופט איז דאָרטן ווי קרישטאָל,
דער שניי מישט אויס זיך מיטן רויט,
אין פלאם פון זון ברענט יעדער בוים...
סע הייבט דער וואָלף דאן אָן צו וואָיען,
דערהערט די גאָרע וועלט זײַן רוף,
און אינעם הימל איבעם בלויען
דער ערשטער פויגל הייבט זיך אוף.

מיט שטילן פלאטער פון די פליגל
ער לעשט די לעצטע שטערן אויס,
און ביידעם קאָנען מער ניט ליגן
און קריכן אַף דער שיין ארויס.

סע שטארבט דאָס איינז, און טראָפנס פאלן...
א האָז מאכט גריבלעך מיט די פיס —
זיי פילן אָן זיך גלייך מיט שטראלן,
און ס'גיט דער שניי זיך א צעגיס,
און ריטשקעלעך אן אָרט זיך מאכן,
פון צוויינגן טריפט, פון שטאמען טריפט.
א פויגל אינעם הימל שטיפט,
א וועווערקע נעמט שנעל זיך דרייען,
א ווילדע ציג זוכט אַף א קוואל,
וואָס איז געוועזן פארדעקט מיט שנייען.
א סויבל שפילט זיך מיט א שטראל...

באם ברעג פון וואלד וואכט אוף דער כוטער,
עס גייט פון שטוב ארויס א מוטער,
וואָס דריקט צום הארצן צו א קינד.
עס קוקט, דאָס קינד, עס איז פארקלערט,
אין אויגן קלאָרע שפילט די זון זיך,
און זי, די זון, איז שוין א רונדע,
זי קוקט פארכידעשט אַף דער ערד,
און ס'שפירט דאָס קינד איר נאָך מיט וווּנדער.

און היימלעכער אין יזשעוו ווערט,
ס'צעעפענען זיך טיר־און־לאָדן,
ווען יעגער קומען אָן אהער

מיט שעפּע װאַלדישער באַלאָדן.
א ייִד א יעגער, א טונגוס,
אַן אוקראַיִנער און א רוס —
זיי האָבן זיך אין קאַנט דערקענט,
אַף זיי זיך שפּרייטן הימלען רײנע...
איין יעגער נעמט דאָס קינד דאָס קלײנע
און װיגט עס אַף די שטאַרקע הענט.
ער זינגט א ליד די בערג, די טײַכן,
דעם קאַנט, װאָס האָט צו זיך קיין גלײַכן,
דער יונגער מוטער און דעם קינד,
דער זון, די בײמער און דעם װינט.

עס זינגט אים נאָך די ערד, די רוימען,
דער װאָלף ליגט צו זיך בײַ א בוים...
די פֿייגל אין די װעלדער שטוינען,
און ס'קװעלט אַזױפֿיל ליכט אין רוים,
אַז ס'קאָן דאָס אויג זײַן אָפֿן קוים,
און ס'װיל דאָס ליכט דאָס אויג ניט שװינען...

...בײַ יעדן טײַך, אַף יעדן ברעג,
אין יעדער שטאָט, אַף יעדן ראָג
טרעפֿט, אַז עס קומט צו גיין דער טאָג,
װען ס'איז די נאַכט נאָך ניט אַװעק,
דאַן װערט מיט זון פֿאַרפֿולט דער הימל,
און ס'לעשט זיך אוים זײַן בלײכער ראַנד,
און װעלדער שטייען אויף פֿון דרימל.
א מענטש א מענטשן דריקט די האַנט —
ס'איז פֿרילינג אין בירָאָבידזשאַן!

# איר האָט נאָכ, קינדער, ניט געזענ?

איר האָט נאָכ, קינדער, ניט געזענ דעמ בירע־טײַכ?
אינ שײנקײַט איז ער מיטנ דניעפּער גלײַכ,
אונ פליסנ פליסט ער פונעמ דניעפּער שנעלער.

מאכט זיכ אמאָל אנ אפּדערנאכט א העלער,
איז ווײסט איר, ווי די בירע זעט דאנ אויס?
אײַ, איז זי גרויס!
אײַ, איז זי ברײט!
זי יאָגט אזוי פארטראכטערהײט,
אונ אלע בײמער קוקנ פונ איר נאסע,
אלײנ דער הימל טוקט זיכ אינ איר וואסער.

איר האָט נאָכ, קינדער, ניט געזענ דעמ קלײנ־כינגאנ?
אפ זײַנע סאָפּקעס ווײנט דער בער אונ דער פאזאנ,
אונ בלוי איז ער, ווי הימל נאָכ א רעגנ.

מאכט זיכ אמאָל, דער טײַכ פארגיסט די ברעגנ,
איז ווײסט איר, ווי כינגאנ איז דעמלט שײנ?
ער שטײט אלײנ
אונ רײצט זיכ מיט די וועלנ,

און אויב דעם טײַך איז עס ניט שטאַרק געפעלן,
איז נעמט דער באַרג און וואַרפט אַראָפּ אַ שטיין.
סע הײסט:
— איך בין אַ באַרג,
און דו מעגסט ווײַטער גיין!..

איר האָט נאָך, קינדער, ניט געזען דעם טײַגע־וואַלד?
געדיכט איז ער!
אַ בוים אַ שווערער פֿאַלט,
און ווילדע הירשן יאָגן צו אַ קוואַל.

פֿאַרנאַכט צינדט אָן אין טײַגע זיך אַ שטראַל,
איז ווייסט איר, ווי עס זעט דאָן אויס דאָס גראָז?
ס'איז רויט,
ס'איז דין.
און געלע בלעטער ווערן ווידער גרין.

איר האָט נאָך, קינדער, ניט געזען ביראָבידזשאַן,
מיט בירע און בינגאַן,
מיט טײַגע, וועלכע איז נאָך ווילד און ציינדערער?

אַײַ, איז דאָרט הויך דער הימל, קינדער!
און ווייסט איר, וויפֿל רײַכקײט ס'האָט דער קאַנט?

— ניט מעסטן מיט דער האַנט,
— ניט ציילן אויף די פֿינגער,
— ניט אַלץ אַרײַנצושטעלן אין אָט דער־אָ ליד,
ס'איז קוילן,

ס'איז גראניט,
ס'איז מאַרמאָר, טוּוועס, רויזנ,
דער וואַלד, די טײַכנ, וועלכע ברויזנ,
פּיכטאַ אונ צעדער וואַקסט אופֿ יעדנ שפּאַנ —
אזוי איז, קינדער, רײַכ דאָס לאַנד ביראָבידזשאַנ.

# באַם קוואַל

## א

ווען עס פאַלט אַ טראָפּן אויף אַ שטויבל,
מוטנע־גרוי דער טראָפּן דעמלט ווערט.
„קוואַל דו יונגער, זאָג, וואָס ביסטו זויבער?
שלאָגסט אַרויס דאָך פון דער שוואַרצער ערד!“

ביוג איך אָן צום קוואַל זיך, און איך הער:
„כ'בין דערפאַר אַ שניי־ווײַסער, מײַן טרײַער,
ווײַל עס האָט מיך יאָרנלאַנג געשײַערט
די געדיכטע שוואַרצקייט פון דער ערד...“

ווען אין נאַכט פרוווט באָר אַ שטראַל זיך ווײַזן,
פון דער נאַכט פאַרשלונגען גלײַך ער ווערט.
„זאָג מיר, קוואַל, פאַרוואָס האָט אַזוי פלײַסיק
דיך געפוצט די ניט־געפוצטע ערד?“

ביוג איך אָן צום קוואַל זיך, און איך הער
פונעם ווילדן וואַסערל דעם פלוידער:
„ס'האָט די ערד געמאַכט מיך פריש און זויבער,
איך זאָל פרישקייט ברענגען אויף דער ערד...“

## ב

כ'בין צום קוואל געקומען הײַנט צו גיין,
כ'האָב זײַן שטראָם געפּרוווט מיט מײַנע ליפּן.
און אין יענער רעגע כ'האָב באגריפן,
ווי אַ שטראַל קאָן דורכברעכן אַ שטיין
און אַרויס אין העלער וועלט געשליפן...

אַלע טאָג אַהער צום קוואַל איך קום —
זען, ווי שאַרפע שטראָמען האַסטיק שלאָגן,
אײַנזאַפּן אין זיך דעם שטראַל דעם קלאָרן,
וואָס דער טיפער קוואַל האָט צו דער זון
דורך דער פינצטערניש אַדורכגעטראָגן!

## ג

ס'האָט ערשט אַרויסגעשלאָגן ס'פרישע קוואַלעכל,
איז קורץ זײַן וואַסער־וועג, כאָטש בלוי און ריין.
עס ליגט אַוועק זיך, ווי אַ זײַדן שאַלעכל,
אַף קאָפּ אַף גרינעם פון אַן אַלטן שטיין.

נאָר אָט גיט עס אַ וואָרף זיך ווי אַ פישעלע
אין גראָזיק טײַכעלע — אין טיפן טאָל.
דאָס פרישע קוואַלעכל וועט וויפל פליסן נאָך?
צי יאָגן ברייט עס וועט צי יאָגן שמאָל?

בא בלומען וואַשן וועט עס ווײַסע פלעשעלעך?
צי נאָר אין וועלט אַרײַן וועט פליסן סטאַם?
אָ, ס'ווייסט דאָס קוואַלעכל אַליין נאָך עפּשער ניט,
אַז ס'וואַרט אין ווײַט אַף דעם אַ גרויסער יאַם...

## 2. היים

### א

ווען כ'האָב זיך אָפּגעשטעלט אין וואלד, א מידער גייער,
האָב איך געזען:
ניטאָ אפילע דאָ קיין אָרט פאר שנייען...
עס שטרעקן דעמבן צו בעריאָזעס אויס די הענט —
זיי ווילן צונעמען די רוימענ זייערע.
דעם שארפן שטיין אין הארטער ערד פארקלאמערט,
א בערגל אף א בערגל קלעטערט —
און אלץ זיך בעט, אז ווערן זאָל געראמער.

ווען כ'האָב זיך אָפּגעשטעלט אין וואלד, א מידער גייער,
האָב איך געהערט:
פון פייגל ווילד דערשראָקענע געשרייען,
האָט וואָיען פונעם אופגעוועקטן בער,
און דעם איזיובערס ברומען,
און אלץ האָט אָנגעזאָגט:
— ער איז געקומען...

כ'בין צוגעגאנגען צו דעם גרעבסטן שטאם
און אויסגעקריצט אף אים מיט אויסיעס קרומע:
— איך בין געקומען!

## ב

דער זון געקומען צו זײַן מוטער איז — באַגעגנט
אים, מאַמע ליבלעכע, מיט אויסגעשטרעקטע הענט!
באַגעגנט, ווילדעניש, דעם מענטש אויף דײַנע וועגן —
ער ווייסט, וואָס פֿויל איז דאָ, ער ווייסט, וואָס דאָ איז פֿרעמד.

פֿאַר ערשטע ווייטיקן, וואָס דיר זײַנען באַשערט,
פֿאַר וויי פֿון קאָרטשעװקעס איך וועל מיט ליכט דיר צאָלן,
די שענסטע שאָף — וואָס האָט זי פֿאַר אַ ווערט,
אויב ס׳קומט דער פּאַסטעך ניט און שערט פֿון איר די וואָל ניט.

אויף דײַן פֿאַרלאָזטן פֿעלד דער גערטנער וועל איך זײַן,
אין יעדן ווינקעלע וועל איך פֿאַרזעצן בלומען!
ביסט שיין, ביסט רײַך פֿון ראַנד און ביז צו ראַנד,
ס׳האָט דיר געפֿעלט דער מענטש — בין איך צו דיר געקומען.

## ד

ערשט נעכטן כ'האָב דעם ערשטן טראָט געשטעלט דאָ שווער.
און היינט איז מיר שוין אייגן אַלץ געוואָרן.
איך בין געקומען אויסלייזן דיך, ערד,
פֿון יעדער ווילדעניש, פֿון אַלע פֿוילע דאָרנס,
און ס'דוכט זיך מיר, אַז דאָ בין איך געבאָרן.

אויב ס'טראָגט די ערד אַפֿ זיך אַן איבעריקן בוים,
מיר גיט זיך אויס, איך טראָג אַפֿ אייגן לײַב אים.
און ווײַל ס'באַשײַנט מיך מיט דער ערד איין טרוים,
וועל איך די זאַנגען פֿון איר אופֿגאַנג שנײַדן.

אַהער געקומען כ'בין זיך מיִען און גענִיסן,
און כ'קאָן קיין איינציק שטעגל ניט פֿאַרבײַגיין,
איך זאָל ניט געבן וועגן זיך צו וויסן
מיט אַן אויסגעשריי אַ פֿריידיקן — דער טײַגע...

## ה. דערוואַרטונג

א וווּנדערלעכע נאַכט איצט, מײַן טײַערע,
דער הימל איבער אונדז איז ווי בורשטין.
אָט לעשן זיך אײַן הײַזעלעך די פײַערן
און צינדן אָן זיך אין די רוימען גרין.

די סאָפּקע ווי א הײלן־יהירש א לויטערער,
איז צוגעלאָפֿן טרינקען צו דעם טײַך,
האָט זיך א כוואַליע אופגעריסן מוירעדיק
און שוימענדיק זיך אָפּגעטראָגן גלײַך...

א וווּנדערלעכע נאַכט איצט, מײַן טײַערע,
דער הימל איבער אונדז איז ווי בורשטין,
די ווײַט איז א באַשפּרענקלטע מיט פײַערן,
זיי רופֿן אונדז, זיי רופֿן אונדז — וווּהין?..

פֿאַרגליווערט שטייען דאָרט די דינסטע ביימעלעך,
און צווײַגעלעך גאָר סוידען זיך אַף זיי,
אָט הער זיך אײַן, מײַן טײַערע, זיי רוימען דאָך:
ס'וועט פֿאַלן באַלד א זילבערדיקער שניי...”

ו

מירנ שפּעטער די כאַסענע פּראַווענ,
עפּשער דאָרט, אינ דער שטאָט, אויבנאָנ...
זאָג, פאַרוואָס האָבנ אָדאָמ אונ כאַווע
ניט געוווּסט, אַז זיי הייבנ ערשט אָנ?..

הער זיכ צו — אינ די ווייטנ, דערקענסטו,
קליינגע טענער פונ אָנקומ אונ טראָט,
ס'קומענ מענטשנ, וואָס מירנ זיי בענטשנ
אונ זיי אָנווייזנ ס'אָרט פאַר א שטאָט.

בייג זיכ אָנ — וועסט דעמ אָנקומ דערהערנ,
ס'איז די צוקונפט פאַר אונדז דאָכ א וואָר —
ווי די גרויסקייט פונ קלייניקע שטערנ
איז פאַר מענטשנ פאַרשטענדלעכ אונ קלאָר...

מע וועט שמועסנ אינ שטאָט דער צעשטראַלטער,
אינ דער שטאָט, וואָס איכ זע זי שוינ גרויס,
אַז אָט דאָרט, ווו עס פינקלענ אספאַלטנ,
האָט א ליבע אינ טייגע געברויזט...

## ז

נו, טײ א קענדעלע!
איכ דארפ קײנ שײטער ניט,
דער װאלד א שײטער איז — ער ברענט, ער ברענט.
די פלאמענ רײסנ פונעמ װאלד די נאכט־קלײדער
מיט ריזיק שפּיציקע, מיט װײסע הענט.

נו, טײ א קענדעלע!
װאס איז מיר גוט אזױ? —
עס איז פארבײ עפּעס, ס'װערט עפּעס נײ...
נאכ יארנ פינצטערניש, נאכ יארנ װיסטעניש
שפּאצירט דאס ליכט איצינדער פראנק־אונ־פרײ!

איכ שרעק פאר פלאמ זיכ ניט, איכ זינג א פלאמענ-ליד.
נו, טײ א קענדעלע
גיב אנ, מײנ פרײנט!
מיר דוכט: די סרײפע־שײנ האט זיכ אינ הײזעלעכ
אפ טישנ ציכטיקע מיט רו צעשײנט...

די פלאמענ הוליענ נאכ, די פלאמענ מײנענ דאכ,
אז זײער יאמטעװ װעט דא ניט פארגײנ,
...איכ זיד א קענדל אופ, אונ ס'פײער בריט מיכ ניט,
אונ ס'פײער העלפט מיר נאר צו זידנ טײ.

## ט

כ'האָב זיך פאַרבענקט אין פרילינג נאָך אַ שניי, —
מיט שטילער פרייד דעם סאָד האָב איך באַטראַכט,
צעווייגט אַ צווייַג. דעם צוויט האָב איך צעוויִיט,
און ס'האָט אַ שניי אויף דעם כינגאַנג געשאָטן...

כ'האָב זיך פאַרבענקט אין ווינטער־צייַט נאָך צוויט, —
אַליין אַרייַן בין איך אין סאָד אין ווייַסן,
געזען: דער שניי פון צווייַגן שיט און שיט,
ווי עמעץ וואָלט די קווייטן פון זיי רייַסן...

אין ווילדערניש איך זע די פרוכט אויף בוים,
באַטש קיינמאָל כ'האָב דעם־סאָד נאָך ניט באַטראַכטן...
ס'איז פאַר אַ טרוימער גאָרנישט ניט פאַרבאָטן,
פון אַלץ פאַרזוכט ער, וואָס ער זעט אין טרוים!

## י

שטילקייט און שווייגן און ווייטע געשפּרעכן,
און איך — אין א מיטן פאַרוואָרפן איך שטיי,
ווען איך וואָלט קאָנען די שטאַמען צעברעכן,
וואָלט איך געקוויקט זיך מיט זייער געשריי.

מוירע און אומעט באַהאַלט אָט דאָס שווייגן,
גלייך ווי מיט פּאַכעד איך ווער דאָ געפּרוווט,
זאָל כאָטש א כייע דאָ נאָענט פאַרבייגיין,
זאָל כאָטש א פויגל צעשניידן די לופט.

לעוואַניקע בערג, העל־באַזילבערטע טאַצן,
טראַגן, ווי סוידעס, די וועלדער צום פליִען,
זאָל כאָטש א שטערן אין הימל היינט פּלאַצן,
זאָל די לעוואָנע כאָטש אופהערן גיין!

כ'מאַך צו די אויגן, און מענטשן מיט זעגן,
שטאַרקע און מונטערע, שווימען ארויס —
און עס צעווירעט דער וואַלד זיך מיט וועגן,
און עס צעווינקט זיך מיט פענצטער א הויז...

## יא. בא דעם בירע־טײַך

האָבן וואַסערן אין שטילקײַט זיך פֿאַרוויגט,
אַזאַ רויִקײַט האָט וואַסערן באַטראָכטן,
פֿליִען שוועלבעלעך פֿון יענער זײַט צוריק,
זוכן, שטיליִנקע, אַף נאַכטלעגער אַ שאָטן.

די לעוואָנע, האַכט זיך, גייט דאָרט אַף געפֿאַנגען,
זוכט אין טיפֿעניש און קאָן דאָרט ניט געפֿינען,
שטעלט זי אַף איר הויכן, שטילן גאַנג
און איז גרייט אַף טראָפּנדלעך צערינען.
זי וועט שטיין אַזוי מיסטאָמע לאַנג —
ביז אין טײַגע וועט שוין קומען דער באַגינען.

יעדע ווײַלע ציטערט אויף אַ בוים,
גלײַך מע וואָלט אים אָדערן געצויגן,
און די בירע פֿליסט אַ רויִקע אין רוים,
ווי אַ לויטערער, אַ זילבערדיקער בויגן.
ס'כאַפּט זיך אויף אַ פֿויגל פֿון זײַן טרוים
מיט צוויי שוואַרצע קײַלעכדיקע אויגן.

און אָט גיט אַ כוואַליע זיך אַ צי
צו דער הויכער שטערנדיקער בלענדשאַפֿט —
דאָס שיקט אַף דער בירע־טײַך זײַן בענקשאַפֿט
נאָכן לאַנג געגאַרטן איבערפֿרי.

# יב. די נײַע שטאָט

דער קלאָרער שניי, ווענ ער איז ווײַס ווי שוימ
אונ ווײַט צעשפּרייט, — וואָס איז דענ פונ אימ שענער?
עס פארבט זיכ אוים אינ זײַנ קאָליר דער רוים,
אונ קליינע שטערנדלעכ אינ הימל ווערנ קלענער.

דער וואַלד ווערט גרוי, מע זעט ניט קיינ פאזאנ,
אונ צווײַגלעכ פראָסטיקע דאָרט גליווערנ ווי טראָפּנס,
ס'איז שטיל. ס'איז קאַלט. עס ליגט ביראָבידזשאנ
מיט ווײַסע פּײַערנ אפ שנייִיקנ צוקאָפּנס.

איכ בינ אליינ, איכ זוכ אנ אלטנ פּלויט.
איכ זוכ דאָס דערפעלע, וואָס ניורעט זיכ אינ דרימל,
...דער שניי איז ווײַס, אונ די לעוואָנע — רויט,
אונ ווי דער יאַמ איז בלוי דער הויכער הימל.

א שטערנ פּלאַצט. זײַנ העלקײַט גיסט זיכ אוים
אפ שלאַנקע מויערנ מיט זילבערדיקע דעכער.
איכ זע די גאַס: זי איז שוינ ברייט אונ גרוים
אונ וואָס א טאָג ווערט זי אלצ שענער, העכער.

אנטקעגנ מיר — א גרוים געבײַ, א ריז,
איכ שטעל זיכ אָפּ. געדאנקענ קומענ ווידער:
ס'וועט זײַנ א שטאָט — נאָכ גרעסער, ווי זי איז,
א שיינע שטאָט — אפ יוגנט אונ אפ לידער!

## יג

איך פיל ניט, ווי איך וואקס, כ'דערזע, אז איך בין העכער,
איך רים דעם שטארקן קויעך, וואָס צו דער הייך מיך ציט,
וואָס כאָוועט אוים מײַן ווּקס, וואָס כאָוועט אוים מײַן ליד,
צעברעכט אין מיר דעם גליווער, מיך אליין צעברעכט ניט,
נאָר צו דעם הימל ציט.

פאַרוואָרצלט איז דער בוים — איך בין דעם בוים מעקאנע,
איך רים דעם שטאַרקן קויעך, וואָס האַלט מיך אף דער ערד,
וואָס בענטשט מײַן ווּקס מיט קראַפט, מײַן טראָט מאַכט
וואָגיק־שווער,
וואָס גליקלעך מאַכט די ערד, אף וועלכער כ'בין געשטאַנען,
און מיך פילט אָן מיט גליק, וואָס איך באַטרעט די ערד.

## יד

אין אַ ווינטע, אין אַ ווילדער נאַכט,
ווען דער ווינט רייַסט שטערנ אויס פון רוימען,
איז אַ יעדער וואנדערער פאַרטראַכט —
העלע שויבן זעט ער אין די טרוימען.
ס׳טוט אים וויי, וואָס הייכנ זייַנענ בלינד,
יעדער קלאַנג איז שוואַכער איצט און ווייַטער,
דאַכט זיך אים, ער זעט ערגעץ אַ שייַטער,
נאָר פון אויג קלאַפּט פונקען אויס דער ווינט...

דעמלט וואַקסט באַם וואַנדערער דער וויי,
און דער צאָרנ לאָזט אים שוין ניט דרימלען,
ער איז גרייט איצט אופהייבן דעם שניי
און צוריק אים וואַרפן אין די הימלען!
גייט דער מענטש.
סע שווינדלט, עס איז שפּעט,
מיט די הענט פאַרשטעלט ער זיך דאָס פּאָנעם.
ביז אין ווייַט אַ פייַער ער דערזעט,
ווי אַ פיש פון וואַסער — די לעוואָנע.

לויב דעמ מענטש!
זײַנ לײַכט-שטערנ געווענ
איז אינ הארצ אינ אייגענעמ פארבאָרגנ,
און דערפאר האָט ער די שײַנ דערוואָרבנ —
זאָל זיכ שפרייטנ אינ דער וועלט זײַנ שעמ!

## 3. אינ געראנגל מיט סטיכיעס

* * *

פאר דער ארבעט, ברידער, זיכ גענומענ! —
זײנ די ערשטע דא איז אונדז באשערט.
ווער עס פלאנצט אפ ערד אפ ווילדער בלומענ, —
דער איז ווערט צו טרעטנ אפ דער ערד!

ס'האט א ווינט געטומלט אונדז די בליקנ,
אונ געווענ איז שווער דא אונדז אונ קאלט.
עכ! דעם זומפ מיר האבנ אויסגעטריקנט,
אויסגעהאקט די ווילדקײט פונעם וואלד!

איז בא אונדז אינ קאנט אצינדער זומער
אונ ס'איז שטענדיק-שטענדיק אינדערפרי.
פאר דער ארבעט, ברידער, זיכ גענומענ —
אונדזער הײמ שטײנט אופ אפ אונדזער מי!

## צווישן צוויי סטיכיעס

1

צום ערשטן מאָל האָב איך א וואַלד־סריפע דערזען,
זי האָט פון מאָל ארויסגעריסן זיך און הויך געשטיגן —
ווי ס'וואָלט א גרויסער פלאַם־פויגל פון יענערם הענט
ארויסגעריסן זיינע רויטע פליגל.
איך בין געשטאנען אפן בארג. אנטלאָפן איז דער הייל־הירש.
דער הירש געטראָגן האָט צום קוואַל זיין דאָרשט און זיין דערשרעק.
נאָר ס'האָט דער טאָל געשטעלט זיך אים אין וועג,
א פלאַם האָט אים באגעגנט און מיט ביישעק אים באלעקט,
ווי ס'וואָלט דער הירש געווען א קוואַל, און אָט דער פלאַם —
א הייל־הירש.

2

איך האָב דערזען: די סריפע קלעטערט אפן בארג!
די גאַנצע וועלט איז פאר דעם פייער אָפן...
און וואָס איז דען די שרעק? זי הילט דיך איין און וואַרנט,
זי רייסט דיך אוף פון אָרט — איך בין אנטלאָפן!..
איך בין געלאָפן לאנג, געיאָגט פון בארג פון יענעם.
און וואָס איז דען א מענטש, ווען פלאַם ארום אים שטייגט? —
ניט שטארקער פון א הירש, ניט העכער פון א צווייג,

די וועלט איז פאר אימ ענג, די האכוועס איז א שטײַג.
אונ ווו ער זאָל ניט לויפנ — ווארט אפ אימ א גענעמ...
איכ בינ געלאָפנ לאנג. דער הימל האָט געברענט שוינ
פונ זײַטנ דרײַ העל־רויט, די פערטע האָט געטאָגט...
אונ פלוצעמ — פונ דער זײַט, וווהינ איכ האָב געיאָגט,
צומ פײַער לויפנ ווילד איכ האָב דערזענ א מענטשנ.
אָט איז ער! אָט בינ איכ! — די בליקנ זיכ צעקרייצנ:
„צוריק! צוריק!“ — ער שרײַט — „דאָרט איז פארפלייצונג!
אמור האָט זיכ צעגאָסנ... גיי איצט פרוו אימ צאמענ...”
בינ איכ געבליבנ צווישנ וואסערנ אונ פלאמענ...
דאָס פײַער יאָגט מיכ אָנ, דאָס וואסער ביז די לענדנ!
וואָס קאָנ א מענטש דא טאָנ? וווהינ זאָל איכ זיכ ווענדנ?

3

איז גוט, וואָס נאָכ איינ מענטש פארלאָפנ איז אהער...
(די שרעק, וואָס קוקט אפ גרויל, איז גלײַכגילט גייט אריבער).
איכ שטעל דעמ מענטשנ אָפ. צי כ'זאָג אימ, צי איכ קלער:
„אויב סרייפע־פלאמ פארלענדט, דעמ וואסער גיב זיכ איבער.
דאָס וואסער לעשט דעמ פלאמ, אינ וואסער איז די רעטונג!“
נאָר ס'הערט מיכ ניט דער מענטש. ער לאָזט זיכ גלײַכ צומ טאָל,
ער קענ שוינ מער, דער מענטש, דעמ פלאמ ניט איבערטרעטנ,
איכ זע ניט מער זײַנ גרויל, איכ הער ניט מער זײַנ קאָל.
כ'בינ ווידער איינ־אליינ. א כוואליע יאָגט אריבער.
זי נעמט ארומ מיט קעלט, זי אָטעמט אויס א הויכ.
דעמ אָטעמ איבערכאפנ — סטײַענ זאָל נאָר קויכ!
א כוואליע טוט א גלעט — אונ דער אמור ווערט ליבער...
איצט לעשט ער, דער אמור, מיט אלצ, וואָס ער פארמאָגט,
מיט שטראָמענ, וועלכע קאָנענ פעלדזנ־בערג צערוקנ,

א האלב־פארברענטן וואלד ער נעמט אויף אפן רוקן,
און הירשן צוגעסמאליעטע, דערשראָקענע ער טראָגט.
און אָט שטעלט ער זיך אָפּ. די פונקען פאלן, טייען,
ווערט ווידעראמאָל שטיל. מע הערט, ווי פייגל שרייען...

4

...אפּ בארג איך בין ארוף, אפּ שוימיק־בלויער הייך,
א קוק געטאָן אין טאָל — דאָרט איז דער מענטש געלעגן
פארקוילט, לעם אים — דער הירש. פון שווארצע וואָלקנס רויך
געסטארטשעט האָט די פאנטע — א צעפליקטער זעגל.
געשטילט איז דער אמור. ער איז שוין אָפּגעפלאָסן.
און מיך האָט ער געמיידט, און איך האָב אים באגלייט...
און ווייט, האָב איך דערזען, א יישעוו ליגט צעזייט.
א סטעזשקע פירט צו אים — א סטעזשקעלע פון פרייד,
א סטעזשקעלע פון מוט דורך לויכטנדיקע גראָזן...
און קוק איך נאָר אין טאָל, דערזע איך דאָרט דערנעבן
צוויי קאלטע שטיקלעך קויל — געלעבט אין זיי האָט בלוט,
נאָר זיי אין קאמף האָבן פארלאָרן א מינוט,
און לעבן א מינוט — הייסט ראטעווען דאָס לעבן!
און ווער ס'האָט עס געקאָנט, באזיגנדיק דעם צווייפל —
איז העכער פון א דעמב און שטארקער פון א סריפּע!

# איך וויל איצטער יאָגן

עס זײַנען די דעכער מיט זילבער באצויגן,
פון בלויקײַט, פון העלקײַט זיך זשמורען די אויגן.
דאָרט, אונטער בערג, בא דעם וואלגער פון שטאמען
קלעטערט די ווײַט מיטן הימל צוזאמען.

איז גוט איגעם דרויסן דעם פראָסט איצט באגריסן,
אין בלויקײַט זיך טוקן, פון פרישקײַט געניסן,
און גוט איז ארײַן אין א טאנצ מיט די שנייען
און אויך, ווי די שנייען, זיך דרייען און דרייען,
און גוט איז און וויל איז זיך איצטער צעיאָגן
אנטקעגן דער צײַט, ווען עס הייבט אָן צו טאָגן.
און זאָלן די שנייען מיך טראָגן, פארטראָגן
אף גאסן אף ווײַסע, אף שנייִקע ראָגן.

און זאָל זיך א מענטש מיר איצט טרעפן אנטקעגן,
זאָל ער מיך אָפּשטעלן, זאָל ער מיך פרעגן,
זאָל ער צעשפרייטן פאר כידעש די אויגן —
איך וואָלט אים מיט זיך אין דער ווײַטקײַט געצויגן!
און זאָל ער, דער מענטש, מיט די אייגענע כושים,
און זאָל ער, דער מענטש, מיט די אייגענע אויגן
דערזען און דערפילן און שפּעטער מיר זאָגן:
ווי גוט פאר א מענטש איז אין ווײַט זיך צו טראָגן.

די טיפקײַט פונ וואַלד מיטנ זויבערנ שנײ־דרעק,
וואָס ליגט אַפּ א ווינטער — קיינ פוס אפ איר גייט ניט,
דאָס וואָיענ פונ בער אינ זײַנ לעצטנ פארבײַגײַנ,
דער דומפּער, פארצווייפלטער הילכ פונ דער טײַגע,
וואָס פילט שוינ דעמ צוריר פונ אָנזאָגער זעגנ
אונ הערט שוינ דעמ גיבערשנ טראָט אפ די שטעגנ —
דאָס אלצ איז אנ איידעס, דאָס אלצ וועט אײַכ זאָגנ,
ווי גוט, ווענ אינ לאַנד פונ דער טײַגע נעמט טאָגנ!

דער אלטער אמור מיט די כוואַליקע טיפנ —
ער טראָגט שוינ ניט מער קיינ צעבראָכענע שיפנ,
פונ אלטע קאַזאַקנ אפ העפקער געלאָזטע,
איצט האָט מענ זײַנ ברייט אונ זײַנ טיפ שוינ געמאָסטנ,
אונ דאַמפּערס זײַנ גרונט אונ זײַנ אָפּגרונט צעשנײַדנ,
אונ ניט זיי פארהאַלטנ, אונ ניט זיי פארמײַדנ...
אונ אלצ איז אנ איידעס אונ אלצ וועט אײַכ זאָגנ,
ווי גוט, ווענ אינ לאַנד פונ דער טײַגע נעמט טאָגנ!

עס זײַנענ די דעכער מיט זילבער באצויגנ,
פונ בלויקײַט, פונ העלקײַט זיכ זשמורענ די אויגנ.
דאָרט, אונטער בערג, בא דעמ וואַלגער פונ שטאַמענ
קלעטערט די ווײַט מיטנ הימל צוזאַמענ...

## צום ביראָבידזשאַנער מיידל

כ'האָב אין מײַנע דיך באַגעגנט, ליבע,
ביסט געשטאַנען צווישן צווײַגן און געלאַכט.
„מיידל, מיידל — כ'האָב געפרעגט דיך, —
ס'איז דיר גאָר אין וואַלד ניט שרעקלעך,
ווען פון ביימער־קרויזן רוקט זיך אָן די נאַכט?“

האָסטו ברייט צעעפנט דײַנע אויגן מילדע,
אַף אַ ווײַלע האָט דײַן פּנים זיך פאַרטראַכט.
„אַך, דו באָכער, אַך, דו ווילדער,
כ'האָב קיין שרעקן ניט געפילט דאָ,
וואָס פאַר מוירע דאַרף איך האָבן פאַר דער נאַכט?“

ביז באַגינען זײַנען מיר געזעסן ביידע,
האָסט דערציילט, ווי דו האָסט ליב די בערג,
אַז צו לאַכן פעלט דיר אויסעט,
נאָר אין שטאָט ביסטו אַ טוישעוו,
און דײַן טאַטע איז פון קאַנט אַ פּיאָנער.

איך האָב לאַנג געקוקט אַף דיר, מײַן מיידל,
אַף דײַן שמייכל, אַף דײַן גרינגן טראָט.

כ'האָב דערזען אין בליק אין דײַנעם
סײַ די ווילדקײַט פֿון דער טײַגע,
סײַ דעם האַסטיקן געדודער פֿון דער שטאָט.

מיט דער האַנט האָסטו באַוויזן אויף דער גאַס דער בײַער,
ווו געגרינט האָט נאָך אַ ווילדער קוסט...
„זעסט די גאַס אָט די, מײַן ליבער? —
וואַלד מיט שטאָט זיך קרייצן איבער..."
און געהויבן זיך, געצאַפּלט האָט דײַן ברוסט.

בין איך דאַן געשטאַנען אַ פֿאַרשעמטער, טרײַע,
און געשפּירט נאָך לעצטן שווינדל פֿון דײַן קלייד.
וואָס האָב איך געקאָנט דיר זאָגן
אין אַזאַ מין שעה פֿון טאָגן? —
כ'האָב זיך פּאַשעט אין דיר אײַנגעליבט, מײַן פֿרייד...

# דער מילכוועג

מיר האָבן דעם כינגאַן מיט שאַרפן וועג געשניטן,
האָט דער פאַרטױבטער ריז געוואָרפן פעלדזן אױף זײַן הױלער וווּנד,
ער האָט געוואָלט דעם דורכגעלײגטן וועג פאַרשיטן,
געטראָפן אין אַ מענטש —
און מיט אַ שטײנער־אױסברוך פונדערמיטן
אים אױפגעהױבן אין דער הײך און אָפּגעשלײַדערט פון זײַן גרונט.

דעם מענטש באַגראָבן האָבן מיר, װען ס'האָט אױף בערג געליכטערט,
דער טאָג האָט אָפן קײװער אים די זון געבראַכט,
דערנאָך געזעסן זײַנען מיר באַם אַש פון שײַטער
און שטיל זיך צוגעהערט צו װאַסערפאַלן װײַטע...

אַ זאָקן האָט פון אָרט זיך אױפגעהױבן שװער,
ער האָט געזאָגט, פאַרװישנדיק דעם אָפּגלאַנץ פון אַ טרער:
„אין דער מינוט פון װי זאָל זײַן אַ טרײסט איך מײַן געשיכטע:
אַמאָל־אַמאָל, װען ס'איז קײן מוילעד ניט געװען נאָך אױף דער װעלט,
האָבן די שטערן זיך פאַרבענקט נאָך אַזאַ ליכטיקײט,
װאָס װאָלט אױך זײער װעג באַהעלט.

און פון דער בענקשאַפט איז געבױרן די לעװאָנע.
נאָר װען זי איז אַרױס צום טונקעלן הימל־ברעג,

האָט זי גענומענ בא די שטערנ מאָנענ —
„ווײַזט אָנ מיר אינ דער פינצטערניש א וועג!“

ס'האָט דער געשטערנ אָפּגעטראכט א ווינטער-נאכט,
ביזוואנענ עס האָט אָנגעהויבנ גרויענ,
אונ האָט באטראכט:
א נײַעמ הימל-וועג פאר דער לעוואָנע בויענ.

אפ מאָרגנ האָט זיכ זויבערקײַט מיט ערדישקײַט פארייניקט,
ניט קיינ געזעענעם אינ רוימענ איז געשענ:
די שטערנ האָבנ זיכ אוועקגעלייגט פאר שטיינער;
א ברייטער מילכוועג, אזא ליכטיקער אונ ריינער
איז פאר דעמ מוילעדם גאנג דאָרט גרייט געווענ...

באטראָטנ גרינג האָט די לעוואָנע דעמ באשײַנטנ הימל,
אונ אונטער איר דער מילכוועג איז געלעגנ שטראלנדיק-צעהעלט,
אונ טשאטעס יונגע שטערנ זײַנענ אינ א גליקלעכנ געווימל
איר נאָכגעשווומענ, שמייכלענדיק צו דער באנײַטער וועלט...“

דער אלטער האָט גענענדיקט.
עס האָט קיינער
זיכ ניט געכידעשט, גאָרנישט ניט געפרעגט.
נאָר אייגער
א קוש געטאָנ די ערד האָט אונ דעמ חעג.

# געליבט זאָל זײַן...

אין ברוסט געפילט האָב איך דעם ריר פון שניי,
מיט מידע הענט דאָס קריגל כ'האָב גענומען,
פון קוואַל פאַרשעפּט...
און ביִעסדיקע טרערן צוויי
פון מײַנע וויִעס זײַנען שווער אַראָפּגערונען.

אַן אויסשפּירער — איך האָב מײַן היים פאַרלאָזט,
געזוכט אַן אָרט, וווּהין באַזעצן מענטשן...
און דעם, וואָס האָט זײַן קריגל מיר געלאָזט,
האָב איך באַלוינט מיט בענטשונג:

— געליבט זאָלסט זײַן! געליבט זאָל זײַן דײַן האַנט!
געליבט זאָלסט זײַן פאַר יעדן פרישן טראָפּן!
די פאַנזע האָסט פאַר מיר געלאָזן אָפן,
ווי גלײַך מיר וואָלטן לאַנג געווען באַקאַנט
און פרײַנט געווען,
און אייגענע, און ברידער!
דו האָסט געפילט, אַז קומען כ'וועל אַ מידער,
האָסטו מיט היי דעם דיל מיר אויסגעבעט
און פיש געטריקנטע געלאָזט...

אָ, אומבאקאַנטער!
דערמאָנענ וועלנ דיכ אָט יענע שטעט,
וואָס מירנ אופהייבנ אינ אונדזער קאַנט דאָ.
דעמ ערשטנ בויער זייערנ דו האָסט דערפרישט,
ער האָט אינ פּאנזע דײַנער רו אונ שפּײַז געטראָפנ,
איז וועלנ פאר דיר זײַנ דאָרט אלע טירנ אָפנ,
איב יעדער שטוב וועט זײַנ געגרייט פאר דיר א טיש,
אונ אלע וועלנ זײַנ דאָרט מיט דיר גליקלעכ...

. . . . . . . . . . . .

פאלט צו די נאכט. אינ וואלד ווערט גרוי אונ קיל.
ס'איז שווער פונ טײַגע דער צוריק-קער...
פאראנ זײַנענ דאָרט וועגנ פיל,
פארדרייטע וועגנ — דורכ דעמ פלאָנטער צו א ברעג...
ווו איז ער, ווו — דער אויסדערוויילטער וועג?
אנ אָנגעבראָכנ צווײַגל הייב איכ אופ,
אונ באלד
פארשווינדט דער אומרו פונ מײַנ פּאָנעמ —
אונ דאָס האָסטו,
אָ, אומבאקאַנטער,
מיר געלאָזט סימאָנימ!

כ'באגעגנ אומעטומ דיכ אינ מײַנ גרויסנ קאנט,
געלויבט זאָלסט זײַנ!
געלויבט זאָל זײַנ דײַנ האנט!

# די ליד פונ שטייגנ

דער וועג ארופ בארג הייבט זיכ אופ ביז צום רוים,
ער גרייכט צו דער זונ, צו די העכסטע זעניטנ,
אונ ווענ אימ שניידט דורכ א געפאלענער בוים,
זעט ער אוים ווי א שלאנג,
וואָס א ראָד האָט צעשניטנ:
עס לעבט יעדער טייל, ער באוועגט זיכ פאָרויס,
אונ ער דרייט זיכ צונויפ אונ ווערט נאָכאמאָל גרוים.

דער וועג אראָפ בארג איז אזוי ווי א קנויל —
ער וויקלט זיכ אופ, ווענ ער פאלט אינ דער נידער,
אָט פאלט ער אריינ צו א טייכ אינעם מויל,
אונ קייקלט זיכ דורכ, אונ וויקלט זיכ ווידער,
אונ ס'טרעפט, אז א מאָכיקער פעלדז אימ פארהאלט,
ווי די קרויבענ פארהאלטנ א שטראל אינעם וואלד.

. . . . . . . . . . . . .

איינ בארג אונ איינ וועג,
נאָר דער וועג וווּהינ פירט?
צי ארופ צי אראָפ — דאָס הענגט אָפ נאָר פונ מיר.

װענ איכ שטײַג, איז ער אויכ מיטנ שטײַגנ צעשטראלט,
אונ אזוי װי א קנויל, װענ איכ נידער, ער פאלט.

אפ שפּיצ פונעמ בארג מײַנ פארלאנג איכ פארקריצ:
אויב ס'איז דאָכ מיר באשערט זענ דעמ װעג, װי ער פאלט,
זאָל איכ שטענדיק אימ זענ פונעמ בארגיקנ שפּיצ.

# 1. מילכאָמע

* * *

װען פּלאַמען בושעװען אױף ברענענדיקן פֿעלד,
עס דוכט, אַז כאָרעװ װערט אַ האַלבע װעלט,
דײַנע אײגענע לעבן כאָרעװ װערט,
נאָר אָט דערטראָגט זיך פֿון די גראָזן אַ געזאַנג,
און בײַ דעם װאָרצל פֿון אַן אָפּגעברענטן זאַנג
די מורעשקע נאָך האָרעװעט.

אױף גאַנץ סמאָליענשטשינע עס ברענט דער טאָרף.
מיר האָבן הײַנט פֿאַרנומען דאָ אַ דאָרף —
פֿון הײַזלעך קײן שאָטן ניט.
נאָר צװישן די רױִנען, בײַ אַ קוסט,
אַ יונגע מוטער האָט מיט װײַסער ברוסט
דאָס אָפּגעראַטעװעטע קינד געהאָדעװעט.

אין שלאַכט פֿאַרביטערטער דאָס לעבן הױך מיר רופֿן,
בײַ מידע פֿיס די רײַנע קװאַלן רינען.
איך װײס: עס װעט דאָס קינד אױף די רױִנען
מיט מוטערס מילך אַ טראָפּן בלוט פֿאַרזוכן...

יוּל 1941.

# דער פּאָנטאנ

די שטוב אונ דעם סאָד האָט א פּײַער פארברענט,
די ביימער פארקוילט אונ די פּייגל פארטריבנ,
נאָר איינער אליינ, ווי ס'וואָלט גאָרניט געשענ,
אינ כורבנ, אינ בראָכ א פּאָנטאנ איז פארבליבנ.

עס איז דער פּאָנטאנ דאָ אזוי אומגעריכט!
פאר וועמענ מיט זײַלנ געשליפענע לײַכט ער?
באדארפט וואָלט ער בלײַבנ אזוי ווי א לײַכטער,
אינ וועלכנ מ'האָט אויסגעלאָשנ די ליכט.

ווײַזט אויס, אז בעקיוונ ער וויל מיט זײַנ גלאנצ
באשײַנענ דעם דעמער פונ טויטע רויִנעג,
צי עפּשער איז ער גאָר אראָפּ פונעמ זינענ
אונ טאנצט אפ דעמ כורבנ דעמ לעצטנ טאנצ?

ער טוט פונ דער שטאָלענער הויט זיכ א ריס,
די שטערנ אינ זילבערנע זײַלנ פארפלעכט ער,
דערגרייכט צו לעוואָנע ווי צו א באשערטער
אונ פאלט מיט איר שײַנ צו די אייגענע פיס.

דער סאָד איז פארברענט, אונ דאָס הויז איז פארקוילט,
עס זינגט דער פּאָנטאנ, ווענ די ווינטנ דאָ קלאָגנ,
ער וויל ניט מיט ערד זיכ פארשטאָפּנ דאָס מויל,
נאָר אייביק דאָ ריזלענ אונ אייביק דאָ שלאָגנ!

דעקאבער 1941.

# נאטיורמאָרט

אזוי לאנג ניט געזענ כ׳האָב קיינ אויבס אפ א טיש,
ס׳איז פאר מיר איצט קיינ טיש אונ קיינ טישטעכ ניטאָ מער.
אינ א גאָרטנ איכ ליג, אונ ארום איז מילכאָמע,
כ׳טרינק קאווענעס־יויכ, מיט ערד אויסגעמישט...

ווענ פונ ווערלדל דעם גאָרטנ באשיסט א הארמאט,
פאלנ אגרעסנ גרינע פונ שטעכיקע שטענגלעכ,
איכ דארפ איצט ניט מילד זײַנ, איכ דארפ איצטער שטרענג זײַנ,
כאָטש א טרוימער איכ בינ, נאָר איכ בינ א סאָלדאט,
ווענ פונ פליִענדער קויל אונ פונ פאלנדער בלאט
ווערט אינ שוצגראָבנ גראם אונ אינ הארצנ מיר ענגער...

אפ צעריִעטע בייטנ — די אוגערקעס גרינע,
פונ דער זונ־רויז זיכ שיטנ נאָכ ווײַסע די יאָדערנ.
עס פלאצנ די אָדערנ בא דער דיניע,
אונ איכ מײַנ האנט ציִענ אָנ זיכ די אָדערנ.

1941.

* * *

איבער וועגנ די סטאַדעס בלאָנקענ,
מײַדנ אוים די צעטראָטענע לאָנקעס.
א בעהיימע, פונ גרויל א פאַרשײַטע,
טראָגט דעמ הונגער אינ לײדיקנ אײַמער,
אונ די שעפּעלעכ קורצע העלדזער
שטרעקנ אוים פונ צעשויבערטע פעלצער.
דורכ דעמ פײַער זײ לויפנ האסטיקע —
די מילכאָמע איז זײער פּאַסטעכ איצט.

ס'הערט די סטאַדע אינ שוואַרצער זוײַט שוינ
דעמ געקנאַל פונ די דײַטשישע בײַטשנ,
בעט זי גאָט, אַז דאָס גראָז זאָל וועלקנ,
פרעמדע הענט זאָלנ זי ניט מעלקנ.
ס'שעפּעלע וואַרפט די וואָל אינ פײַער
אונ אַנטלויפט, ווו דאָס פעלד נאָכ פרײַ איז.

קומ צו גײנ איצט אינ פעלד, מײַנ ברודער,
הײב אופ הויכ די פאַרקישעפטע דודע,
אפ דער לאָנקע דער פרײַער, זאָטער
רופ צונויפ מיט געזאַנג די סטאַדע,
אונ אינ פעלד, ווו די שלאַכט איצט הילכט,
ברענג דעמ זעלנער א קעסעלע מילכ...

אווגוסט 1941.

# א סודע באַם שטײַטער

א סודע באַם שטײַטער, א סודע אין וואַלד!
מע פרעגט ניט — פאַרוואָס, און מע פרעגט ניט — פאַר וועמען,
דער שטײַטער — פאַר אַלעמען, ווען ס'איז קאַלט,
א קאַפּעלע וואַרעמס קאָן יעדער דאָ נעמען.
ווער זײַנען דאָ געסט, און ווער — באַלעבאָס?
איין זאָרג נאָר בײַ יעדן: קיין גאַסט ניט פאַרשעמען.
מע פרעגט ניט — פאַר וועמען, מע פרעגט ניט — פאַרוואָס,
מע זעצט זיך צום קרײַז, און עס רינט פון די ברעמען,
פון קעפּ טריפט אַראָפּ דער צעגאַנגענער שניי,
בײַ וואַרעמער זײַט — די געזיכטער פאַרוויטלט,
איין גלאָז אויב דו טרינקסט נאָר — מיר גיבן דיר צוויי,
אויב טרינקען דו וועסט ניט — מיר וועלן דיך נייטן!
מיר וועלן דיר זאָגן: — נו, פריילעכער, היי!
די שלאַכט איז פאַרטאָג, טאָר מען איצטער ניט זאָרגן,
דער גלויבן, וואָס איז אין די הערצער פאַרבאָרגן,
זאָל לינדערן פון די פאַרלוסטן דעם וויי.

פון בלעכענער קײַלע דאָס וואַרעמס מע שעפּט
און פאָרכטיק די קווערטלעך מע טראָגט צו די ליפּן,
און עפן די מײַלער, פאַרוואַרפט מען די קעפּ,

א שטיקעלע ברויט צווישנ פינגער צעריבנ,
א שמעק געטאָנ אזוי כעסדיק-הויכ, —
דאָ וואַרפט מענ זיכ דורכ מיט א ווונטש אונ מיט ווערטלעכ,
מע שטאָפּט זיכ מיט וואָבלע, מע שטיקט זיכ מיט רויכ
אונ ווידער מע טראָגט צו די ליפּנ די קווערטלעכ.

א סודע באַמ שײַטער, א סודע באַנאַכט!
אַהער, גוטע־ברידער! ווער שלאָפט נאָכ? ווער פרירט נאָכ?
ווער האָט זיכ פאַרנייגט אפ דער ביקס אונ ער טראַכט?
די נאַכט איז א קאַלטע, דער וואַלד — א געדיכטער.
א טראָט פונעמ שײַטער — די ערד איז פאַרײַזט,
אונ דאָ, אינעמ קרײַז, איז אי וואַרעמ אי ליכטיק,
אונ גיסטו א קוק אפ דעמ זעלנערשנ קרײַז,
דערזעסטו אַזויפיל באַשײַנטע געזיכטער.
אײַנ זעלנער — דאָס פּאָנעמ צומ בוימ ער פאַרײַסט:
— די שלאַכט איז פאַרטאָג, טאָר מענ איצטער ניט זאָרגנ,
מיר וועלנ איצט טרינקענ פאַר הײַנט אונ פאַר מאָרגנ,
אויב מאָרגנ דאָס מויל וועט פאַרלייגט זײַנ מיט אײַז...

קיינ גאָלדענע בעכער עס גלאַנצנ דאָ ניט,
די קעסלעכ אונ קענדלעכ שוינ לאַנג ניט געשײַערט,
אונ ס'פרייט זיכ דאָס אויג, ווענ דעמ וואַלד גיט א שניט
א טונקעלע שפּיז, אָנגעגאָסנ מיט פײַער,
ווענ ס'כאַפּט זיכ מיט פלאַמ אָנ א שטאָלענער העלמ,
אונ ציט'ריקע פונקענ, פאַרטראָגענע, פרײַע
זיכ וואַרפנ אפ צווײַגנ אונ ווערנ דאָרט נעלעמ.
אונ מאַכנ דעמ רוימ אפ דער סודע געשײַערט.

א סודע באם שטײטער, א שאָ פאר דער שלאכט!
וועט עמעצער אָנשרײַבנ מאָרגנ זײַנ ליבער:
„מיר האָבנ די נאכט בא א שטײטער פארבראכט,
דערנאָכ איז געשענ...”
לאָמיר אויסטרינקענ, ברידער!
ניט פרעגנ — פאר וועמענ, ניט פרעגנ — פארוואָס.
צי ווײניק אינ אונדזערע הערצער איז ליבע?
צי ווײניק אויכ סינע? צי ווײניק פארדראָס?
איז שנעלער די קווערטלעכ טראָגט צו צו די ליפנ.
אונ הערט, ווי עס פינעט די סינע אינ קאָס:
— די שלאכט איז פארטאָג, זאָלט איר איצטער ניט זאָרגנ!
טרינקט אויס, גוטעברידער, פאר הײַנט אונ פאר מאָרגנ,
אונ הײס זאָל דאָס הארצ זײַנ אינ שלאכט אונ אינ פראָסט.

ווינטער 1942.

# דאָס רוסישע פעלד

די באשערטע ערד, די ערד די רוסישע,
וועל איכ צודעקנ מיט זיכ אלײנ,
וועל איכ צערטלענ זי, מיט װײטעק קושנ זי,
אפ אירע אומוועגנ זיכ לאָזנ גײנ.

דורכ א פעלד בא דערפער כאָרעווע,
דורכגײנ ציטעריק, ווי פארשעמט,
מיט מײַנ לעבנ פאר זײַנ שעפע אָרעוו זײַנ,
גרײט זײַנ ווארפנ זיכ אפ קידעש־האשעמ —

ניט ווײַל ס'לעבנ גרינג איז אָפגעבנ
פאר א שטיק צעטראָטנ פעלד,
נאָר ווײַל ס'רוסיש. פעלד דעמ סוינע אָפטרעטנ
הײסט אימ אָפטרעטנ די גאנצע וועלט.

.1941

# באמ קוואל פונ דער קינדהײַט

ניט גערעכנט די זונ איז, וואָס באגלײַכ גילדט
צווײַג און סוק, די צווייטנ און דעמ שניי.
אויב איכ האָב געהאט אפילע לײַכטזינ,
האָב איכ זי באגראָבנ אינ טראנשיי.

היי, איר ווייסט ניט, וואָס איכ בינ און ווער כ'בינ,
ס'טרעפט אמאָל — פארטאָג, די שלאכט נאָכ שאלט,
בייג איכ אָנ זיכ צו א גרינער ווערבע
און זוכ אָפּ לעמ איר א פרישנ קוואל.

מיטנ קוואלעכל פונ קינדהײַט מײַנער
טרינקט די שטרענגע יוגנט אָנ זיכ זאט,
און כ'דערזע דעמ ברייטנ יאמ דאָ שײַנענ
אינעמ שטרײַט, וואָס איכ בינ זײַנ סאָלדאט.

.1942

## 2. ליבע אין טראַנשיי

### א

שוין לאַנג זיך צעשיידט — וויפֿל יאָרן פֿאַרשוווּמען?
דער צייט אונדזער ליבע מיר האָבן פֿאַרטרויט.
און איצט אין די שלאַכטן זיך ווידער געפֿונען —
צום לעבן? צום טויט?

מיר האָבן באַגעגנט זיך אין א טראַנשייע.
מילכאָמע. געפֿאַרן. סרייפֿעס. בלוט.
מיר היילן פֿון שווערע פֿאַרלוסטן די ווייען
מיט ליבע. מיט מוט.

דערמאָן ניט די פֿריידן. פֿאַרגיב מיר די ליידן.
עס עגבערט דער טרוים, וועלכן איך האָב געהאַט.
כ'וואָלט אָפּגעגאָן צען מאָל מיט בלוט, זאָלסט, מיין מיידל,
ניט זיין קיין סאָלדאַט.

נאָר אויב ס'איז א קריג און סאָלדאַטן מיר זיינען
און אויב ס'איז געקומען פֿאַר אויספּרוּוו די צייט,
איז זאָל די סאָלדאַטישע ליבע אונדז שיינען
אין לעבן. אין שטרייט.

## ב

וויפל יאָר וועט דער קריג נאָכ דויערנ?
ענג פארקניפּט איז די ליבע מיט זיג.
שטייט א שיסערײַ אינ די אויערנ,
ווי די אייביקײַט פונעמ קריג.

בלוט וויל פרייד פונ ניצאָכנ פארומערנ,
אוי, ווי טײַער מיר האָבנ באצאָלט!
דרײַסיק וועלנ צוריק זיכ ניט אומקערנ,
פופציק זײַנענ אוועק אינ שפּיטאָל.

הער איכ, ווי די האַרוגימ טרויערנ,
אונ עס פאלט אפ מיר זייער לאסט...
אפ דער ליבעס גינגאָלדענע טויערנ —
מערער שטעכיקנ דראָט פונ האס!

## ג

א קינד בין איך געווען ערשט פאר דעם קריג,
מיט זויבערקייט באהויכט געווען מײַן ליבע.
אצינד איז זי ארײַן אין טיפע גריבער,
אפ הארטער ערד אין כאקי-העמד זי ליגט.

דאָס זעלבע פעלד מיט בלומען און געזאנגען,
כאָטש הייב זיך אוף און ליב דאָ פראנק-און-פרײַ,
נאָר ס'ווײַזט דיר אפן ווונק א שטיקל בלײַ,
אז דו זאָלסט נידעריקער זײַן פון אָט די זאנגען.

איך קאָן עס ניט, איך קאָן עס ניט פארשטיין,
און ס'וועט די שיסערײַ בא אונדז ניט פוי'לן,
עס זאָל די ליבע אין דעם הארץ פארגיין,
ווײַל די מילכאָמע האָט אזוי באפוילן...

ד

צי ווייניק כ׳וויל, צי כ׳וויל א סאכ,
ווענ מאקריוו זײַנ איכ וויל די רו,
מײַנ אָפּרו אונ מײַנ שלאָפּ ביסטו
אינ ערד־שטיבל, אינ טכילעס נאכט.

כאָטש ס׳האָט די שלאכט אונדז שוינ פארקנאסט,
נאָר ביסט קיינ ווײַב מיר ניט אצינד,
דאָס וואָלט געווענ א לײַכטער שפּאס,
דאָס וואָלט געווענ א שווערע זינד.

אינ אונדזער ליבע וויפל כיינ,
אונ וויפל מוט, אונ וויפל וויי.
איכ ווייס: אפ ניט בארירטנ שניי
א כּעס אונ א שאָד צו גיינ...

ה

א געווײנלעכער מילכאָמע-טאָג, א מיטוואָכ,
אינ די ווײַנגערטנער מיר רוענ נאָכ א שלאַכט,
וועב־ניט-וועב צו אונדז א פֿײַער-קנויל דערפֿליט נאָכ,
קוקט מענ רויק, ווי מע וואָלט אפ אימ געוואַרט.

עס איז גוט אזוי — אָנ קאַסקעס אונ אָנ שטיוול,
אַלע רימענדלעכ צעבונדנ אונ צעלאָזט,
די גראַנאַטעס אונ די ביקסנ — ווי בעקיווענ —
האָבנ מיר באַהאַלטנ אינ דעמ גראָז.

אפ די בלעטער לויכטנדיקע טוי־שפּרענקלעכ
פֿרישנ אָפ דאָס אויג אונ דעמ געמיט.
צו מײַנ קאַלעס גרינ־געשלײַפֿטע אוירינגלעכ
ווי צו רײַפֿע ווײַנטרויבנ מיכ ציט.

עפּשער גאָר נאָכ א שפּאַציר א לאַנגנ
יונגעלײַט פֿאַרברענגענ א פֿאַרנאַכט...
נאָר מע פֿירט פֿאַרבײַ דורכ א געפֿאַנגענעמ —
א דערמאָנונג פֿונ דער שווערער שלאַכט.

ו

שוינ דעמ צווייטנ מעסלעס, אז מײַנ קאלע
איז אינ אויסשפיר אוועק — אונ פארפאלנ...
אינ זעמליאנקע איז שטיל, אלע שלאָפנ,
אונ די טיר צו דעמ פעלד איז נאָכ אָפנ.
איז מײַנ קאלע שוינ עפשער דערגאנגענ?
צי זי גייט שוינ צוריק? צי געפאנגענ?

כאָטש עס רוענ דאָ צוואנציק סאָלדאטנ,
אונ זיי שטעמענ שווער אונ פארמאטערט,
דאָכ איז פוסט אָנ דעמ מיידל די ענגשאפט.

אירע גרויע מאלבושימ דאָ הענגענ,
אפנ טישל — א פליאגע, א לעפל,
אירע בריוו פונ דער היימ אונ א העפטל.

איז מײַנ קאלע שוינ עפשער דאָ נאָענט?

נאָר עס ציִענ זיכ לאנגזאמ די שאָענ.
אינ זעמליאנקע איז שטיל, אלע שלאָפנ.
אונ די טיר צו דעמ פעלד איז נאָכ אָפנ.

אָט די אָפענע טיר — צי זי טרייסט מיכ
צי פונדאַנענ אוועקגיינ זי הייסט מיר?
וועק איכ אופ דעמ סערזשאַנט אונ פארטרוי אימ
שווערע דײַגעס פונ בענקשאַפט אונ טרויער,
אונ איכ זאָג, אַז מע טאָר איצט ניט שלאָפנ,
ווײַל די טיר צו דעמ שלאַכטפעלד איז אָפנ!..

ז

אינעמ שאָטנ פונ די ווייַנגערטנער,
אפ א טעפּיכ אפ א וואלדיקנ,
ליגט מייַנ קאלע א פארפייַניקטע,
א פארשעמטע, א פארגוואלדיקטע.

— טרויבנ הארטינקע אונ צארטינקע,
אָנגעגאָסענע אונ זויערינקע,
נעמט מייַנ קאלעס גרינע אוירינגלעכ,
הענגט אפ צווייַגנ אופ זיי פארטיקע!

כ'וועל דעמ מאָרדנ-פלאמ פארלעשנ גאָר,
וועל איכ קומענ צו אייַכ וויינ טרינקענ,
אינ דעמ קווארטעלע דעמ מעשענעמ
הייסע ליפנ וועל איכ אייַנטונקענ.

גלייַכ דערפילנ, אז ס'איז ביטערלעכ...
וועל איכ זוכנ אינ די טרויב-הענגלעכ
אונ געפינענ א פּאָר אוירינגלעכ
אונ וועל בלייַבנ א דערשיטערטער.

## ח

באוויירימ מײַנע! זעלנער פונעמ שטרײַט!
די פינפ אונ צוואנציק יאָר פונ אונדזער יוגנט—
זיי ווערנ הײַנט געפרווט מיט נאָכ איינ טויט.
די ערשטע ליבע אונדזערע זיכ שפיגלט
ניט אינעמ פרישנ קלאָרוואסער פונ טײַכ,
ניט אינ א טראָפנ טוי אפ פײַכטע גרעזער,
נאָר אינ צעגליטנ אײַזנ פונ דער ביקס.

מיר זיפצנ ניט אונטער די פלייצעס פונ די מאמעס אונ די טאטעס,
אליינ די שלאכט אונדז שטעלט א כופע אפ דער ערד,
אונ אינ דעמ פײַער לעבנ מיר דאָ דורכ א לעבנ
אינ איינ מינוט, ווענ אייביק איז די ליבע.

באוויירימ מײַנע! זעלנער פונעמ שטרײַט!
אינ טיפע שוצגראָבנס מיר זײַנענ נעענטער צומ הימל,
דאָס הארצ געלײַטערט איז אונ דאָס געפיל איז הייליק.

איז זאָלנ קינדס-קינדער אונדז הערנ אונ פארשטיינ:
מיר לאָזנ איבער קוואָרימ, אונ מיר גייענ.
אונ פונ די שפיזנ שפארט ארויס דער קויעכ
פונ אונדזער צאָר, פונ דעמ פארדראָס אונ פונ דער ליבע!
די פינפ אונ צוואנציק יאָר פונ אונדזער יוגנט
פארהארטעווענ זיכ אינעמ פלאמ פונ טויט.

1־טער אוקראינישער פראָנט, 1943.

# 3. לידער אין מײַן פעלד־ביכל[1]

## דער דיכטער אפן פראָנט

כ'וואָרעם אַן די פאַרפרוירענע פינגער
בא דער הייסער רער פון האַרמאַט,
אויב מײַן האַרץ איז א האַרץ פון א זינגער,
איז א דיכטער אַצינד דער סאָלדאַט.

און אף מײַנע סאָלדאַטישע לידער
די שלאַכט האָט מעמשאָלע געהאַט,
ווײַל דער שטורים פונעם שאָס גיט זיך איבער
דער האַנט, וואָס צילט אַן דעם האַרמאַט.

אונטער מאָליער, 1944.

1 פעלד־ביכל — א העפטל, וואָס מע טראָגט מיט זיך אין שלאַכט צו פאַרשרײַבן באַאָבאַכטונגען, שלאַכט־ראַפּאָרטן.

## שורעס, אָנגעשריבענע דעמ 22־טנ יונ 1941 יאָר

א דאנק פאר דער לאסט,
א דאנק, וואָס דו גלייבסט אינ מײַנ קויעכ.
אזוי ווי ס׳באלעסטיקנ קערנער מיט רײַפקײַט די רויערד,
ווי יאמ-ווינטנ בייגנ אונ קרעפטיקער מאכנ די מאסט —
אזוי וועט דער אַל, וואָס דו לייגסט אפ מיר, היימלאנד, אוועק איצט,
די קראפט פונ א גוואר אינ מײַנ צערטלעכער יונגנט דערוועקנ.

א דאנק פאר דער ביקס,
א דאנק, וואָס באשיצנ דיכ טרויסטו מיר אָנ אונ דו הייסט מיר...

סאָוועטיש־דײַטשישע גרענעצ, בעלסק.

# די פליג

און אופרײַם גיט די שטוב א הוידע,
די טיר א ריס, דעם דאך א הייב,
עס שיט דאָס זאמד זיך פונעם בוידעם,
און ס'פאלט אראָפּ א פליג פון שויב.

זי טוט א פּאָכע מיט די פליגל,
א ציטער אוף — און טויט זי ליגט,
ווען מענטשן פאלן ווי די פליגן —
איז מאָדנע, ווען עס פאלט א פליג...

יארצעווא, אָקטיאבער 1941.

## ווי צעלייגט מען א פייער?

די פארפרוירענע גלידער ווי ווארעמט מען אן?
מיינע שוועבעלעך נאס... ווי צעלייגט מען א פייער?

כ'שיט דאס ביסעלע פולווער ארויס פון פאטראן
און א פונק טרייסל אפ פון ציגייער —
גיט א הייב זיך דער פלאם און פארסמאליעט דאס גראז,
וויל אוועק מיטן ווינט, נאר א צווייגל כ'ציינד אונטער...

און די יונגע סאלדאטן באקוקן דעם וונדער:
ווי דאס לעבן איז הארב! ווי דאס לעבן איז פראסט!

גזשאטסק, 1941.

# א שאָס

כ'האָב זיך צוגעזעצט צומ בוימ,
אָפּגײנ זאָלנ מידע גלידער.
פּלוצעמ פיל איכ: עפּעס ציטערט
אינ דער הײכ דאָרט, אינ דער קרוינ.

ס'איז געוואָרנ שווער די צווײַג,
ביז דער ערד איר לאַסט וועט קלעקנ.
אָטעמ איכ ניט אונ איכ שווײַג —
ס'פײגעלע נאָר ניט דערשרעקנ...
שטילער, שטילער, וואַלד אונ גראָז...

נאָר עס טוט אַ קנאַל א שאָס!

.1944

# פאָנטאָנען

די ערשטע גייט איבער די בריק די לעוואָנע,
די צווייטע — די שטילקייט. דערנאָך טוט א ריס
די נאכט און די שטילקייט א זאלפ פון קאנאָנען —
די בריק עם צעטרייסלען דאן זעלנערשע פיס.

די לעצטע עם בלייבט בא דער בריק די לעוואָנע,
זי זעט, ווי סאפיאָרן צעבינדן די שטריק
און שלעפן ארוים אפן ברעג די פאָנטאָנען,
ווייל קיינער עם טראכט דאָ ניט ווענן צוריק...

אפ דער ווייסל, 1945.

# יוישער

דורכגעגאנגענ דורכ א פעלד איז די פעכאָטע,
מיט די שטיוול דעם פארזיי האָט זי צעטראָטנ —
ווּ איז יוישער? האָסט אליינ פארזייט דאָס פעלד דאָכ!

דורכגעגאנגענ דורכ א וואלד איז אונדזער כײל,
ניט געשאנעוועט די ביימער אונ די בײַעם —
ווּ איז יוישער? האָסט אזוי געליבט די וועלדער!

פאר מײַנ כאווערס שטוב האָט זיכ א שלאכט פארבונדנ,
האָט מײַנ כאווער ס'אײגנ הויז אונטערגעצונדנ —
ווּ איז יוישער? ס'איז ניט ליב דיר דײַנ געצעלט דענ?

— פעלדער, וועלדער, פײגל אינ די נעסטנ,
זאגנ אַפגעשאָטענע — זײַט וויסנ:
ווענ דער פײַנט וואָלט בא מײַנ הארצ געזעסנ,
כ'וואָלט מײַנ אײגנ הארצ אונטערגעריסנ!

סמאָלענסשטשינע, 1941.

# א טרוימ

ווענ מיר וועלנ זיכ טרעפנ ווידער
אונטער זונ, וואָס אויכ איצטער שײַנט —
וועלכע וועלנ מיר זינגענ לידער?
אונ ווי וועלנ מיר אויסזענ, פרײַנט?

איצט איז שווער אונדז פונ אומקער טרוימענ,
פונ באנגעניש טרוימענ איז שווער,
ווײַל עס שפּיגלענ זיכ טונקעלע רוימענ
אינעמ מאבל, וואָס פאלט אפ דער ערד.

איצט איז שווער... נאָר דורכ יאָרנ הארבע -
זעט מײַנ אויג אונדזער גליק שוינ דרייסט,
כאָטש איכ ווייס ניט, ווער עס וועט שטארבנ,
נאָר אז מיר וועלנ זינגנ — איכ ווייס!

יאָ, מיר וועלנ זיכ טרעפנ ווידער
אונטער זונ, וואָס אויכ איצטער שײַנט,
ווי איכ בענק איצט נאָכ יענע לידער,
וואָס מיר וועלנ זינגענ, מײַנ פרײַנט!

מײַרעוו־פראָנט, יאנוואר 942'.

# די נאַכט־אַטאַקע

ווען הויך אינעם הימל געשליפֿן און פֿײַערלעך
פּראָזשעקטאָרן אײַנער דעם צווייטן די הענט דריקן,
שרײַט אויס דער האַרמאַט דאָס צעגליטע, פֿאַרטײַעטע,
און ס'דונערט, אַז זײַן שאָס די מלחמה וועט ענדיקן.

נאָר ס'איז דער האַרמאַט דער מלחמהס באַהעלפֿער,
ער טרײַבט זי צום סאָף, נאָר ער לאָזט זי ניט גויסען.
ס'וועט דורכגיין די שלאַכט, וועט ער קלוימערשט זיך אויסלעשן,
אַזוי ווי באַגינען — דאָס אויג פֿון אַ וועלפֿיכע...

פֿונוואַנען דער פֿײַף און די קראַפֿט אין די שפּליטערן?
וואָס וויל ער פֿון אונדז, אָט דער שאָס דער האַרמאַטישער?
עס לויפֿן אים ביקס־קוילן נאָך, ווי די פֿלאַטערלעך,
און פֿלאַטערלעך פֿאַלן, כאַלאָשעדיק ציטערן...

באַווײַזן זיך מענטשן אַף ראַכוועסן אָפֿענע
מיט פֿײַערלעך האָס אין די שפּיזן די בלענדיקע.
עס וואַקסט די אַטאַקע, עס שטאַרקט זיך די האָפֿענונג,
אַז אונדזער געוואַגטקײַט דעם קריג וועט פֿאַרענדיקן.

1944

# א זומערדיקער פײזאזש

די פיש אינ טײַכ, אזוי ווי אפ קאטאָוועס —
נאָכ יערנ אופרײַס, וואָס דעמ טײַכ צעבויטעט,
זיי וואַרפנ זיכ ארומ אפ קייווער־אָוועס
צומ זאמד־ברעג, ווו עס וואלגערנ זיכ טויטע.

די זעלנער צו דעמ וואסער ניט דערלאָזנ,
די פיש זײַנענ צומ טויט אלײנ דערשווומענ,
אונ אפנ ברעג ליגט א פארכאלעשטער דער זומער,
אזוי, ווי ס'האָט די שלאכט אימ דאָ געטראָפנ...

זומער 1942.

## א ווינטערדיקער פּייזאזש

פונ קוסטעס דעמ שניי טרייסלט קיינער ניט אָפּ — ער פארפרירט.
די קוסטעס פארשנייטע ווי קופּלענ מיט שוימיקנ ביר.

א שיטערע יעל בייגט זיכ אָנ, מיט די נאַדעלענ זוכט
זי טאפּט אונ געפּינט — אונ דעמ לויטערנ ביר זי פארזוכט.

איכ ליג אינ סעקרעט. מיט די קוסטעס איכ רעד אפּנ וואָנק:
ווענ כ׳מעג זיכ א ריר טאָנ, איכ וואָלט אויכ געגעבנ א טרונק...

.1942

# סאָלדאטישער הארבסט

דער הארבסט קומט פלוצעמ אָנ.
ס'באמערקט ניט דער סאָלדאט,
ווי פונ די ביימער פאלט אראָפּ דאָס צירונג.
צוערשט דערזעט ער:
ס'פאלט אראָפּ פונ דעמ הארמאט
די בלעטערדיקע פארמאסקירונג...

חארבסט 1942.

# גאָלדענער אָסיענ

גאָלדענער אָסיענ, צעשויבערטער, ווינטיקער,
לאָמיר זיכ בײַטנ: איכ מערער, דו ווינציקער —
גיב מיר דײַנ כוישעכ אונ נא דיר א פײַערל,
נא דיר מײַנ אָטעמ אונ גיב מיר א פרײַערנ.

וועסט הײַנט ניט רײַסנ קיינ דעכער קיינ בלעכענע,
רײַסנ דו וועסט מײַנ שינעל די צעלעכערטע.
וועסט ניט פארגיסנ מיט רעגנ די גאנעקעס —
מיכ אינעמ שוצגראָבנ וועסטו ניט שאנעווענ.

גאָלדענער אָסיענ, די ערד איז א נאקעטע,
הייב איכ אָנ שיסנ — די שלאכט זאָל צעפלאקערנ.
נייג, דיכ ניט כאנפענענ אונ ניט אומארעמענ,
נאָר מיטנ בלוט פונ מײַנ הארצ דיכ דערווארעמענ.

סמאָלענשטשינע, חארבסט 1941.

# „אָנזאָטלענ" א וועג...

מײנ אָרדינאַרעצ ווייסט ניט, ווי מע זאָטלט אָנ א וועג,
פונוואַנענ זאָל ער וויסנ עס, דער פויער דער אַלטײער? —
„מיט וועלכנ זאָטל אָנזאָטלענ?" — ער פרעגט,
די אַלטע זעלנער ענטפערנ: „מיט פײער"...

בא זיכ אפנ אלטײ געזאָטלט האָט ער פערד,
און דאָ פאַרטראַכט ער זיכ... עס נאָיענ אימ די פינגער:
ווי זאָטלט מענ עס אָנ א פאַס פאַרוויסטע ערד? —
דעמ באַרג א צוימ אינ מויל אַרײַנלייגנ איז גרינגער...

דעמ פויערס קווענקלעניש דער קאָמאַנדיר דערזעט.
עס ווערט מיר דער סאָלדאַט דער יונגער ליב און טײַער:
— וואַרט צו א רעגע... וועסט פאַרשטײנ בא דעמ קיווט,
אַז אָנזאָטלענ א וועג מיט פײַער
הייסט — צופויזענ צו אימ באַהאַלטנ און געהיימ,
און ווי מע כאַפט א פערד, צעבושעוועט פונ צאָרנ,
און ווי מע האַלט עס אײַנ מיט שאַרפנ קלאַפ פונ שפּאָרנ —
אַזוי דעמ סויגעס שפּרונג פאַרהאַלטנ בא דײַנ הײמ
און עפּענענ פאַר זיכ צומ זיג א וועג א קלאָרנ...

1942.

# די לעצטע קויל

דער פײַנט דערשפּירט: דו ביסט געבליבנ איינער,
ער גייט אפ דיר אינ פולנ ווקס — א גרויל...
אונ דו בלײַבסט ליגנ, ווי פארשטיינערט:
די לעצטע קויל...

א בלוטפול אָדערל נעמט קלאפּנ
אינ שלייפ, אונטער דער שטײַפער הויט.
איבער דײַנ אָטעמ טוט א צאפּל
דער טויט.

דו ווייסט ניט, ווער עס זאָגט דיר אונטער,
נאָר ווענג פאכעד דו פארגעסט.
שיסט אויס די קויל אונ בלײַבסט פארוווּנדערט
אונ זעסט:

א ווזוואָד מיט שפּיזנ צו דעם הימל, —
ער גייט צו הילפ דיר דורכ דער בריק.
דו כאפּסט זיכ אופ, ווי פונ א דרימל:
דו האָסט געזיגט!

1942.

## אױף א זאמדיק אָרט

אין אונדזערע פּליאַגעס — קײן טראָפּן ניטאָ,
עס גלאַנצן די צײן אין צעעפּנטע מײַלער,
מיר גראָבן א ברונעם שױן עטלעכע שאָ,
מיר שנײַדן אַרײַן אין דער ערד זיך, װי זײַלן.
די גרוב אין דער טיף איז שױן שמאָל װי א האַנט,
קײן קאַפּעלע װאַסער — נאָר שטײנער און זאַמד.

בלײַבט ליגן פאַרכאַלעשט די צונג אױף גומען
אזױ װי א פיש אױף ברעג, װען ס׳איז הײס,
און ס׳װילט זיך א לעק טאָן באַם שאָכן דעם שװײס,
װאָס טריפט פון די אַקסל אַראָפּ אינעם ברונעם.
עס טוט זיך מײַן שאָכן צו מיר אױך א קער:
— א טרער אױף רעפּוע... א לעק טאָן א טרער...

מיר שטײען מיט לאָמען צו שטײן אָנגעלענט,
אַריבער דעם קאָפּ הענגט די זון װי א קױטע.
איך װאָלט זי פאַרדעקט מיט די אײגענע הענט,
פאַרצױגן עס זאָל נאָר א װאָלקן דעם דרױסן.
מיט לאָמען מיר שטײען פאַרקלערט א מינוט,
און װידער מיר גראָבן — געגנוג שױן געזוכט!

די זאסטעפעס גיבנ א בלאנק צווישנ שטיינער,
עס רײַסט זיכ א פונק פונ די שטיינער ארויס,
אונ ווי א שאָליעכ פונ ווײַטנ גערויש,
דער פונק טראָגט זיכ דורכ צווישנ זאמדנ א ריינער,
אונ ווײַל אפ א טראָפּנ ס'איז ענלעכ דער פונק —
איכ בייג זיכ שוינ אָנ אפ צו געבנ א טרונק...

# דער אומבאוווסטער זעלנער

דער באַטאַליאָן גייט אָפּ אין שלאַכט מיט בלוט.
שוין וווייניק זעלנער, נאָר מיר שלאָגן זיך אַנטשלאָסענער.
געקומען הילף — און צוגעקומען מוט...

דער יינגסטער צווישן זיי, א „ניט־באַשאָסענער“,
האָט ניט באוויזן אפן ברוסטווער אָנשפּאַרן די רער,
ווי לעבן אים האָט א גראַנאַטע זיך צעריסן...

ער ליגט א טויטער אפן דער ערד —
קיין איין מאָל אויסשיסן אין סוינע ניט באוויזן.

און איך — אין הארצן קלאַפּט ווי מיט א האַמער:
„דעם נאָמען ניט געפרעגט בא אים
און ניט דערוווּסט זיך, ווו עס לעבט זיין מאַמע“.

.1943

* * *

וועלכער דראנג האָט מיכ אהער געבראכט,
אפ די פעלדער הארבסטיקע און וויסטע?
מיט דעמ הארצ כ'בינ זיכ מעיאשעוו פאר דער שלאכט,
נאָכ דער שלאכט איכ גיב אנ ענטפער דעמ געוויסנ.

ניינ, איכ קאָנ ניט זיצנ אינ געצעלט,
דאָרט פאלט א שטויב אפ מיינ קליינזייענ.
גיט מיר אָפ דאָס אויסגעבענקטע פעלד,
וואָס דער פיינט טיילט אפ פונ מיר מיט פייער!

אָקטיאבער, 1942.

# אין א נײַער דירע

אין טראנשיי אין לײמיקער און שמאָלער
זיצן מיר, ווי נאָך א שווערער ארבעט,
צינדן שוועבעלעך אונטער דער פּאָלע,
רייכערן ציגײַערס אין די ארבל.

מיט א ביסל ספּירט, וואָס ברײט דעם גאָרגל,
אונדזער נײַע דירע מיר „באַנעצן".
אָפּ פארבײַסעכץ — צוויי סוכארעס לעצטע,
וואָס מיר האָבן אָפּגעלייגט אף מאָרגן.

גייט ארײַן דער סאַניטאַר פון ראָטע,
אונדזער ליבלינג, אונדזער ערשטער זינגער,
און איך הייס אים אויסשטעכן א בלאָטער,
וואָס האָט אָנגעריסן אף מײַן פינגער.

מײַן האסאָגע לויבן די סאָלדאַטן,
און עס גיט א וויצל זיך דער שאָכן:
— זע, דער שטאָך פון נאָדל זאָל ניט שאַטן,
ביז א שפּיז האָט אים נאָך ניט דערשטאָכן...

זאלבעצווייט, אין איין שינעל פארוויקלט,
ליגן מיר — די מידע אויגן אָפן.
ווען וועט מען אין דאָזאָר הײַנט שיקן?
ווען וועט פארבאָטן זײַן הײַנט שלאָפן?

1943

# געמיטלעכער שטייגער

א זייגער אינ טראנשיי,
א גלאָז אפ טרינקענ טיי.
פונ ווײַסנ בלעכ א שיסל.

די כעוורע זעלנער לאכנ:
— ס'איז פול „די שטוב" מיט זאכנ,
אפ נאכט עפשער פארשליסנ?..

טשאוסע, 1944.

# די וועטשערע

אליינ כ'וועל א וועטשערע קאָכנ.
די הירזשענע קאשע איז נימעס.
פונ פרישער בערעזעווער קאָרע
איכ קאָכ אפנ שײַטער א צימעס.

עס שוימענ די זאפטנ אונ שטײַגנ,
מיט ווײַסקײַט דאָס פײַער פארגיסנ,
דעמ צימעס איכ מיש מיט א צווײַגל
אונ פרוּוו אפ די ליפנ א ביסל.

צופרידנ: געשמאק, א מעכײַע,
איצט דארפ מענ פארטרינקענ דאָס עסנ,
א פושקע פונ קוילנ א בלײַענע
אוועקגעשטעלט בא דער בערעזע —

פונ שטאמ אינ דער פושקע דער שמאָלער
די זאפטנ, ווי ביר אינ א קופל.
דעמ צימעס פארשטעק איכ ווי טשאָלנט
אינ סאָסנעס דערוואָרעמטנ דופל...

דער שײַטער וועט איצטער מיר שײַנענ,
אונ ווײַכ וועלנ זײַנ מיר די גראָזנ.
געוווינט שוינ פונ קינדווײַז מיר זײַנענ
אפ זיכ אליינ זיכ פארלאָזנ.

פרילינג 1942.

# אינ וואלד אפ אָפרו

וואס נעענטער צו דעם ביוואק, אלץ מידער כ'ווער,
אונ אָט איז שוינ דער וואלד...
איכ רו ניט סטאם:
אז ווערנ זאָל דאָ היימישער, געמיטלעכער —
א צוויאָק פארקלאפ איכ אינ א שטאם
אונ די שינעל הענג אופ, טו אויס די אמוניציע
אונ פלעכט די צווייגנ איבער — ס'זאָל פונ ווינט אונ קעלט
דער זיכערער שאלאש באשיצנ מיכ.

אונ בליעטער געלע ברענג איכ אינ געצעלט
אונ שפרייט מיט זיי א ברייט אונ וויכ געלעגער אויס,
צינד אָנ א שייטער —
ווארעמקייט אונ ליכט...

מיינ שטוב איז פארטיק. קוק איכ אפ דעם וועג ארויס;
פארבעטנ עמעצנ אפ נאכטלעגער צו זיכ.

1945.

# פראָסט

אין קעסל — פארפרוירענע קאשע,
אין פליאגע — פארפרוירענע וואסער.
עס שוויגט אין סעקרעט די „מאקסימקע" —
דער אָפּקילער אירער וויל טרינקען.

בא וועמען אן אייצע דאָ פרעגן?
מיר גיבן אליין זיך אן אייצע:
אן עמער מיט שניי מיר פארדעקן
מיט פעלצן — אָט ערשט פון דער פלייצע.

דעם אָפּקילער גיבן מיר טרינקען,
אין אייגענעם דאָרשט מיר פארגעסן,
עס שיסט אין סעקרעט די „מאקסימקע".
געפרוירענע קאשע מיר עסן.

ווינטער 1914.

## א מאטאָנע

מיט קיסעטן קאָלערליי — רויטינקע און ראָזינקע —
א מאטאָנע-קעסטעלע מײַן ראָטע האָט באַקומען.
ווען באטיילט איך האָב די שיסער,
אפן דעק איך האָב געפונען,
טרעפט, וואָס כ׳האָב געפונען דאָרט —
א ראָזשינקע.

ווען איך בעטן בא כאוויירים, וועל איך בעטן א מאטאָנע זיך
די פארטריקנטע, פארדארטע — אָט די ראָזשינקע די פּראָסטע,
וואָס אין קעסטעלע פארלאָרן האָט א מידע באלעבאָסטע,
א פארהאָרעוועטע, א פארטאָגנע.

כ׳וועל פארקלײַבן אין טראנשיי זיך, אין א ווינקעלע אן עקסטן,
ווי א קינד אף ווייכן קישן — אין זײַן בריוט-געראמען ווינעלע,
און די ראָזשינקע אף דלאָניע וועט א שמעק טאָן מיט געבעקסן
און מיט „ראָזשינקעס און מאנדלען“,
מיט א „קלאָר-ווײַסינקן ציגעלע“...

1-טער אוקראַינישער פראָנט, 1944.

# פאַר וואָס דעם זעלנער זײַנען מעקאַנע

ווען כ׳בין אַ קינד געווען, איך פלעג מעקאַנע זײַן די זעלנער —
פאַר שטאָלטנעם אויסזען, פאַר די „שטיוול־פּלעשעלעך".
און פאַר דעם באַקי־העמדל, פאַר אַ צייכן אויף זײַן קעשענע,
פאַר די עמבלעמעס מעשענע אויף די אָראַפּגעלייגטע קעלנער,
פאַר שטאָלער פּאַרטופּיי,
פאַר הויזן גאַליפּע —
פאַר אַלץ מעקאַנע זײַן איך פלעג דעם זעלנער.

איצט קום, מײַן קינדהייט, כ׳וועל פאַר דיר זיך ניט באַרימען.
אַ זעלנער אויף מילכאָמע — אָט איז מײַן פאַרמעגן:
אַ העמדל, אויסגעווייקט אין שווייס, אין רעגן,
אַ העלם — דעם קאָפּ פאַרדעקן, פון ברעזענט אַ רימען,
געהאַקטע שיך — פאַר דרײַען
און שטאָלענע קליינזײַען...
— מיט וואָס זשע, זעלנער, קאָנסטו זיך באַרימען?

אָ, קינדהייט נאַרישע, די יוגנט דו פאַרשטייסט ניט.
איך וויל, דו זאָלסט מײַן פראָסטן אויסזען ליבן.
דעם זעלנער זײַ מעקאַנע פאַר זײַן דרייסטקייט,
פאַר זײַן געווער, און פאַר זײַן האַרץ, און פאַר זײַן גלויבן.

.1941

## פֿאַרגעפֿיל פֿון אָנגריף

הינטער דער פּלייצע — א ברייטע וועלט,
און פאר די אויגן צוויי מעטער ערד,
שפּרייט זיך די פראָנט-ליניע, ווי א שוועל,
וועלכע ס'איז איבערטרעטן פארווערט.

היינט וועל איך איבערטרעטן די שוועל,
זיין זאָל אזוי, ווי דער מענטש האָט רעכט:
הינטער דער פּלייצע — א ברייטע ערד,
און פאר די אויגן — א פרייע וועלט.

אונטער מאָסקווע, 12 דעקאבער 1941.

## דער סאָף פֿון שלאַכט

די שלאַכט קלאַפּט ווי אַ טיר זיך פֿלוצלינג צו,
און באַלד איז רו...

זאָל איין מינוט נאָך דויערן די שלאַכט.
כ'וויל איבערלעבן ווידער די מינוט,
ווען ס'האָט געדאַכט:
דער סוינע ווערט דערטרונקען אין זײַן בלוט.

„איך וויל קיין רו.
«Есть упоение в бою».

.1944

# אַרופגעטראָטן אַף דעם סוינעס ערד

דאָס וואַרעמע ווינטער־לאַנד,
וואָס האָט אין ווײַס־פּאַרשנייטע דלאָניעס פון די טאָלן
מײַן אָטעם, ווי אַן אָנגעצונדן שוועבעלע, געהיט,
כ׳פּאַרלאָז, און שטעל די ערשטע שטראָפּנדיקע טריט
אַף סוינעס ערד.

ווי גוט עס איז צו וויסן:
מײַן וואַרעמע ווינטער־לאַנד
איז איצטער ווײַט אין דער מילכאָמעס הינטערלאַנד.

סאָוועטיש־דײַטשישע גרענעץ, 1944.

## אזוי ווי די דעמבן אין שטורעם...

דער דעמב אין א שטורמישן וועטער —
ניט קלאָגן ער וויל און ניט דייגען,
דעם רעגן פארטרויט ער די בלעטער,
אפ ווינטן פארוואַרפט ער די צווייגן.

ווען גרויזאם די צווייגן פארהייבט ער,
עס סוידען זיך זאַנגען אפ פעלדער:
צי איז ער דעם שטורעמס פארגלייבטער,
צי עפּשער דעם שטורעם באפעלט ער?

די פייגל מיט ראש און געפילדער
פארלאָזן די קרוינען דערשטוינטע:
צי מאכט ער דעם שטורעם נאָך ווילדער,
צי עפּשער דעם שטורעם גאָר צוימט ער?

וואָס שטארקער די ווינטן, אלץ פעסטער
פארקניפּט זיך די צווייג מיט די בלעטער.
דער דעמב, פון די ווינטן געפעסטעט,
ער וואקסט אין דעם שטורמישן וועטער.

און ס'לייטערט דעם דעמבס נעשאָמע
דער שטורעם — מיט פרייד און יעסורים...

. . . . . . . . . . .

מיר לעבן אין דער מילכאָמע
אזוי ווי די דעמבן אין שטורעם.

.1945

# מײַנ געמיט

בינ איכ פריילעכ אינ דער שווערסטער נויט,
זינג איכ מיר אזוי א אינדערוואָכיקס —
אפ צעפּוקעניש דעמ טויט,
דער מילכאָמע אפ צולאָכעס.

די מילכאָמע קלוימערשט איכ דערקאָנ ניט,
בא א סרייפע, בא אנ אופרײַס בלײַב איכ שטיינ:
דאָס ביסטו, די אכזוריג מילכאָמע,
וואָס דו קאָנסט אָנ בלוט זיכ ניט באגיינ?
וואָס דו קוויקסט זיכ, ווענ יעסוימימ וויינענ,
קאָנסט די זונ ניט לײַדנ, ווענ זי שײַנט?
ביסטו אויב אזוי א ווילע זקיינע —
אזא פינצטער לעבנ אפ די פײַנט!

אינ אָקאָפּ איכ קײַע אלטגעבאקנ ברויט,
לוסטיק, פריילעכ אינ די שווערסטע צאָרעס —
אפ צעפּוקעניש דעמ טויט,
דער מילכאָמע אפ צולאָכעס.

כ'וואָלט באַם קוואַל דאָס פּאָנעם און די הענט,
און ווי ס'איז דער מינהעג בײַ סאָלדאַטן,
טו איך אָן אויף זיך אַ זויבער העמד,
איידער ס'נעמען רעווען די האַרמאַטן.
אָט איז שוין די לופט פאַרפּולט מיט בלײַ,
כ'פאַל אַנידער. טויט צי נאָר פאַרוווּנדעט?
און איך גלייב ניט, אַז איך בין פאַרבײַ,
און מײַן טרוים איז גרויס, ווי אַ יאָרהונדערט...

כ'וועל בלויז טרוקן, שוואַרץ און שטרענג, ווי שרויט,
און אין בליק עס לײַכט אַלץ די נעכאָמע —
אויף צעפּוקעניש דעם טויט,
אויף צולאָכעס דער מילכאָמע.

בינד איך איבער שנעל די וווּנד, און ווידער
די געטרײַע ביקס אין האַנט איך דריק,
און וואָס מער דער קריג איז מיר דערווידער,
אַלץ אַנטשיידענער איך גיי אין קריג...
ס'לעבן מײַנס איך קליאַנטשע ניט בײַ קיינעם —
ניט בײַ דיר, מילכאָמע, ניט באַם פײַנט.
אַ סאָלדאַט אין קריג — איך פאַסקן היינט:
דיר אַ גיכן סאָף, פאַסקודנע זקיינע,
און אַ ווייסטן אומקום אויף די פײַנט!..

.1945

* * *

מײַנ יוגנט װײַזט אצינד אינ שלאכט איר קויעכ,
איר גלויבנ פרוװט מײַנ יוגנט איצט אינ שלאכט.
אונ אלצ, װאָס אפ דער װעלט איכ האָב געבראכט,
מײַנ ביקס פארטרוי איכ.

דערפאר, װענ ס'איז די מידקײַט גרויס,
איכ װיל ניט אפרוענ, איכ קענ ניט שלאָפנ.
נאָכ יערנ שפאנ פאָרויס,
נאָכ יעדנ אײַנגענומענ פעלד
כ'דערזע פאר זיכ אפסנײַ די װעלט,
װאָס איז פאר מײַנ געװאגטער יוגנט אָפנ.

אונטער יעלניע, אױגוסט 1941.

## 4. עס לעבט דער באַטאַליאָן...

* * *

פון דעם פעלדז א שווערער שפליטער
פאלט אין טײַכל — זינקט, פארשווינדט.
און דאָס וואסער רינט און רינט —
אויסגעגלײַכט דעם טײַכלס ציטער.

בלויז דער מענטשלעכער געמיט
א באשענקטער מיט זיקאָרן —
פונעם ווייטעק, פונעם צאָרן
אפ זײַן הארצן בלײַבט דער שניט.

יול 1944.

## עס לעבט דער באטאליאָן!

פרײַנט! ס'איז אומגעקומען אונדזער באטאליאָן,
נאָר איך און דו — מיר אָטעמען און שיסן.
און ס'טאָר דער סוינע אונדזער סאָד ניט וויסן —
איז העכער, פרײַנט מײַנער, הייב אויף אַף בארג די פאָן!

די היישעריקן מייבען,
אז עס באשיצט די הייך
אן אויסגעפרוווטע מייע,
א פעסט געשטאָלטער קויעך.

פרײַנט! בא אונדזער קוילנוואַרפער לעבט דער באטאליאָן!
מיט אויגן אָפענע די טויטע שפּירן,
ווי מיר, די לעבעדיקע, אין געפאר זיך פירן —
איז העכער, פרײַנט מײַנער, הייב אויף אַף בארג די פאָן!

די היישעריקן פויזען...
דאָס שוויַיגן פון דער נאכט.
איך שווער דיר, מוז זיי אויסזען
נאָך שרעקלעכער פון שלאכט.

פרײַנט! ס'דאַרף הײַנט דער באַרג פֿאַר אונדזער באַטאַליאָן
אַ פּאָסטאַמענט פֿון רום דאָ װערן,
איז לאָמיר פֿאַר דעם טויט־געפֿעכט זיך שװערן:
ביז לעצטן אָטעם ניט אַרױסלאָזן די פֿאָן!

די הײשעריקן קלעטערן,
דעם אָנגריף הײבן אָן,
זײ װילן אונדז צעשמעטערן
און אָפּנעמען די פֿאָן.

פרײַנט! גײסט אָפּ מיט בלוט, נאָר ס'קעמפֿט דער באַטאַליאָן!
דער באַרג איז אונדזערער! איך װיל, זײַן הײסער שטײן זאָל
צו רוימען אופֿהײבן א שטאָלצן דענקמאָל
דעם העלד, װאָס ניט אַרױסגעלאָזט האָט אונדזער פֿאָן!

די פֿאָן אין הימל װיגט זיך,
זי פֿירט, זי רופֿט, זי מאָנט,
זי רימט די טויטע קריגער —
עס לעבט דער באַטאַליאָן!

1־טער אוקראַיִנישער פֿראָנט, 1943.

## העלדנטאַט

דאָס לעבן, דער נאַטורס געשאַנק,
אין שטאַרקן מענטש איז שוואַך פאַרטיידיקט.
ער גייט אַרויס אַנטקעגן טאַנק
אַליין, אַליין אַף ווײַסער שניי־דעק.

דעם טאַנק צו אָפּשטעלן ער האָט
נאָר צוויי גראַנאַטעס, מוט און סינע,
און ס׳ברומט דער אײַזערנער מיט שפּאָט:

— היי, נעפּעש, ביסט געווירט פון זינען?
מיט מיר פאַרמעסטן זיך, מיט מיר?
קראַץ מיטן פויסט מײַן פעל, מײַן פאַנצער!
אַרום די רויפּעס מײַנע טאַנצן,
ביז כ׳גיב זיך צעהרנדיק אַ ריר...

דאָס לעבן, דער נאַטורס געשאַנק,
אין שטאַרקן מענטש איז שוואַך פאַרטיידיקט.
מיט צוויי גראַנאַטעס קעגן טאַנק
ער שטעלט זיך אָפּ אַף ווײַסער שניי־דעק.

ער וועט זיך וואַרפן אונטער טאַנק
מיט צוויי גראַנאַטעס אַפן רימען,
און ס׳וועלן וואַלד און פעלד נאָך לאַנג
אין פײַער־שײַן זײַן גוורע רימען.

אפּן דאָן, 1942.

## Moritur[1]

ארויפגעוואָרפן אפן קינד האָט זיך דער „כיינשעל",
און אומגעוואלגערט האָט דאָס קינד א קויל,
דאָס בלוט א שטראָם געטאָן האָט פונעם מויל,
און אויגן אויסגעלאָשענע פארגייען שווין.

דער דאָקטער האָט געפרווט באַם קינד דעם אָטעם,
און Moritur געזאָגט מיט שטילער שטים,
נאָר ס'האָט דאָס קינד א הייב געטאָן די אייגעלעך צו אים,
גלייך וועגן טויט ער וואָלט אים טראַכטן אויך פארבאָטן.

און עס האָט ווידער זיך דער דאָקטער אָנגעבויגן,
דורך טרערן איינגעקוקט זיך אין דעם ייִנגלס בליק,
און ס'האָט א יאָג געטאָן דעם דאָקטערס האַרץ צוריק,
און ער האָט אויסגעשריגן: „ס'לעבן זיינע אויגן!"

.1941

1 Moritur (לאטיין) — ער שטארבט.

# דער דענקמאָל

אינמיטן שטאָט א דענקמאָל שטייט — א טאַנק,
אַן אַלטער טאַנק, וואָס איז פון שלאַכט פאַרבליבן,
די רעדער די אָפענע פון זײַן האַרמאַט — זי בלאַנקט
מיט דער געשליפנקייט, וואָס נאָר א שאָס לאָזט איבער.

און פריש איז אַף דער רויפע באָב דער רים,
ער שטייט, דער טאַנק, פאַרקילט אינמיטן זומער...
און אונטער אים — דער קייווער פון טאַנקיסט,
וואָס האָט באַם פײַנט די שטאָט צוריקגענומען.

ווער ס'איז געווען אין יענער שלאַכט, האָט אים דערקענט
אַף פּלאַץ אַף באַרעווון, דעם טאַנק, און אַף די הענט
אים אופגעהויבן האָט מען העכער פון די הײַזער —

ניין, ניט געשמעלצט קיין דענקמאָל מ'האָט פון אײַזן,
דעם טאַנק נאָר אופגעהויבן אַף א פּאָסטאַמענט,
קעדיי פאַר קומענדיקע דורות אים באַווײַזן...

.1944

# א שמועס מיטן טויט בא די דראָט־פאַרצוימונגען

באַ דראָט־פאַרצוימונגען איך ליג, און דו — מיט מיר.
די ערד — מײַן גרויסע וויג — אַף טהאָם זיך הוידעט...
ווען נאָר צו דיר דער וועג פון שלאַכט־פעלד פירט,
איז וויפל, מײַנסטו, האָב איך פון דיר סוידעס?

איך האָב פון דיר אײַן אויסגעהיטן סאָד,
דעם גלויבן און דעם מוט פון אים מיר שעפּן:
א טראָט און נאָך א טראָט צום לעבן,
און זעסט: דער טויט דאָך אָפּגעטראָטן האָט!

.1941

## וואלד

דאָס אָרט איז ווערט דעם נאָמען „וואלד" —
ניט נאָר ווייל ס'גריגנען דאָ
סיי ביימער קלייניגקע סיי ביימער גוואלדיקע,
נאָר ווייל די לופט איז דאָ א וואלדיקע,
די ערד — א וואלדיקע,
ווי ס'וואָלט די גאנצע וועלט געווען דאָ א וואלד.

די גראָזן זיינען דאָ מיט זאפטן זאט,
אין דיגעם גרינוועלע דערשפיר איך טיפסטן שאָטן
לויט דעם, ווי גליטשיק ס'איז אונ גלאט,
לויט דעם, וואָס קיינער האָט אפ דעם נאָך ניט געטראָטן...

ווען באטאָראַיִעס
רייסן אוים פון וואלד די קרוינענדיקע לאָקן,
אונ ביימער שטייען הויל:
א שטאם — א פלאָקן,
א קוסט — אן אשיק-גרויער קנויל,
איז דעמלט אין דעם גראָז ניט שווער דערקענען

דעם וואלד,
וואָס אומעגלעך איז אים פארברענען —
ווייל גראָזן זיינען איצטער אויך מיט זאפטן זאט,
פון דינעם גרעזעלע עס פאלט א טיפער שאָטן,
ווי זאפטיק־גרינ, ווי גליטשיק ס'איז און גלאט,
די שלאכט אפילע האָט עס ניט צעטראָטן...

.1942

# דאָרשט

ס׳איז ענדע יול. מיט שטויב איז פול די לופט.
עס רירן זיך ניט אפן פעלד די זאנגען.
א בלום באהאלטן האָט אין גראָז איר דופט
און אפ א זאנג אליין זיך אָנגעהאנגען.
צוויי בלעטעלעך, ווי ליפן טרוקענע, פארפרעסט,
זיי בעטן וואסער בא די וואָלקנדלעך די דינע,
נאָר וואָלקנס זײַנען בא דער זון איצט געסט,
און ס׳וויל די זון, זיי זאָלן ניט צערינען.
שלאָפט אײַן דאָס בלימל אפ דער ברוסט פון פעלד,
די בלעטלעך שטויביקע אוועקגעלייגט צוקאָפנס.
און עס געפינט זיך ניט אפ גאָרער וועלט
פאר אָט דעם קליינעם בלימעלע קיין טראָפן.

א ביסל זאפט פון לײַב די בלום קוועטשט אויס,
א טרוים באהויכט דאָס אויסגעדארטע שטענגל.
עס דוכט זיך דעם, אז טראָפנס, טראָפנס הענגען,
און יעדער טראָפן שווער אזוי און גרויס...
צו הימלען וועט דעם בלימלס טרוים דערגרייכן,
ווי עס דערגרייכט צו אים דער ראנד פון אָט דער ערד!
אין די פארשטויבטע ווײַסלען פון די הייכן
וועט שטעלן זיך א וואָלקן, ווי א טרער...

# פעטערהאָפ

אינ פוסטנ פאלאצ — גלאָז פונ ליוסטרעס מאטאָווע,
אונ קופּעס מיסט, אונ אָפגעקלאפטע ווענט.
אונ דער קאמינ דער קאכלנער צעבראָכנ...

פארהיט האָט זיכ נאָר אפראָדיטעס סטאטוע,
אונ ס'דוכט: עס וואקסנ אָפ בא איר די הענט,
אונ זי האָט זיי אינ גרויסנ צאר פארבראָכנ.

.1944

# טרויער

ווענ אפנ דיל א בארמינענ פלעגט ליגנ,
אינ שטוב פארהעננגענ פלעגט מענ אלע שפיגל.
איצינדער ליגנ אפנ פעלד אזויפיל מייסימ.
דער טאָג — א ליכטיקער, א זוניקער, א הייסער.

וואָלט כאָטש א וואָלקנדל די בלאנקע זונ פארהאנגענ.
וואָלט כאָטש א ווינטעלע אדורכ איבער די זאנגענ.

.1942

# אינ פעלד־שפיטאָל

א פולנ קרוג האָט זי געטראָגנ צו זײַנ בעט,
מיט גיכע, פעסטע טריט — קימאט געלאָפנ.
דעמ צימער דורכגעגאנגענ אפ איינ ברעט,
ניט אויסגעגאָסנ אפנ דיל קיינ טראָפנ.

א שאָ צוריק איז ער געזעסנ אפנ פערד
דעמ שלאנקנ גופ פארקרעמפעוועט אינ זאָטל,
אונ אזוי שנעל געפאָכעט מיט דער שווערד,
אז ניט געפאלנ איז פונ איר אפ דר'ערד קיינ שאָטנ.

כאָר ווענ ער האָט דעמ קרוג גענומענ פונ איר האנט,
אונ זי האָט נעענטער צו אימ זיך אָנגעבויגנ,
האָט זיך די פּליסיקײַט א גאָס געטאָנ איבערנ ראנד,
אונ טרערנ האָבנ זיך געשטעלט אינ ביידנס אויגנ...

פעלד־שפיטאָל, יול 1941.

# דאָס לעצטע וואָרט פונ א רײַטער

פונ פערד אראָפּגעפאלנ? נײנ! א ליגנ! ווילד!
ווער גראָבט די ערד דאָרטנ? אוועקווארפנ די לאָפּעטעס!
מײַנ פערד אלײנ וועט אויסגראָבנ א גרוב מיט זײַנע קאָפּעטעס,
ווענ צו דער גריווע איכ וועל צופאלנ פארקילט...

אָ, לאָזט ניט בלאָנדזשענ אָנ א רײַטער דאָס פארווונדעט פערד,
אָ, וואשט פונ פעל זײַנער אראָפּ דאָס בלוט ס'פארזאָטענע,
אָ, ליגט אוועק, באוויירים, אפ א זאָטל מיכ
אונ גיט מיר אָפּלעקנ די טויענ פונ מײַנ שווערד...

פונ פערד אראָפּגעפאלנ? נײנ! א ליגנ! הערט:
די שפּאָרנ קלינגענ נאָכ אונ זוכנ ווו זיכ אָנשפּארנ.
דער טויט דער נידעריקער — ער וועט מיכ ניט אָפּנארנ,
כ'בינ גרייט מיט בלוט אָפּגײנ,
אונ גרייט אויכ שטארבנ כ'בינ —
נאָר אפנ פערד!

.1942

# אומקער צום לעבן

ס'האָט רעכט זיך פאַרגונען די בלאַנקע, די אייביק פאַרהויבענע שווערד
אַ רעגע באַהאַלטן די שאַרפקייט אין טונקעלער טיף פון דער שייד...
מיט אָפענעם מויל ווי אַ פויגל, איך לייג זיך אַוועק אַף דער ערד,
כאָטש ווייט איז די שטילקייט פון רו נאָך, דאָס האַרץ איז באַרויקט מיט פרייד.

דערפילט מיך די ערד, און עס טייעט אין זיסער האַנאָע איר ברוסט,
פון טײַנענ באַדעקן מיט טוי זיך דאָס בלימל, די צווײַג און דער קוסט.
אַ שאָטן פון בלאַט, ווי אַ קוש, פאַלט אַף רויטן געזיכט פון דער בלום,
לעקאָוועד מײַן אומקער די כײַע דערשיטערט דעם וואַלד מיט געברום.

פאַרנעמען די ערטער שוין בינען אין לוסטיקן ראַש פון זייער גראַז,
עס שפּילן אין קרוינען די פייגל מײַן כאַסענע מיט דער ערד,
און פון אַ צעבראָכענעם שטערן צעשיט זיך אַף ביימער דאָס גלאָז...
אָ, ערד מײַנע, ערד מײַנע, ווילסט מיך? — די ליבע נעמט דורך, ווי אַ פראָסט,
און כ'שייד שוין ניט אונטער פון טויען די וואַרעמע, מענטשלעכע טרער,

„קער אום מיר דעם קוי׳ב פונ א זעלנער!“ — איכ מאָנ בא
דער ערד אונ איכ בעט.
די ערד — מיט די הענט, מיט די פינגער, מיט נעגל מיט מיינע
איכ קנעט.
דעם סימענ פונ ליפּנ ואונ ציינער איכ קוועטש אפ איר דאָרשטיק
אוים
אונ הייב זי לייכט אופ אינ די אָרעמס, כאָטש מעכטיק זי איז אונ
גרוים.
הער, ווארעמע, פייכטע, צעשאָטענע: די גלעקער רופנ צום שלאכט,
עס שטייט פאר די אויגנ דאָס שלאכטפעלד... עס פאלט פונ די
אויגנ די נאכט.

עוואקאָ־שפּיטאָל, ארזאמאס, 1942.

# א וואָרט צו די לייענער

די אומגעקומענע ייִדישע דיכטער געווידמעט

ווענ ס'וועקט מיכ אופ דער ווייטעק אינ די ווונדנ,
איכ לאָז זיכ גייִנ אָפּ פעלדער צו די פרײַנט.
איכ זוכ די שײַנ, וואָס איז מיט זיי פארשווונדנ,
פונ זייער אויסגעזונגענ לעבנ כ'זוכ די שײַנ.

איכ גיי אונ גיי. פונ אלע זײַטנ ברענט.
אונ איכ דערזע זיכ ווידער אפ פארשנייטע שליאכנ,
אפ וועלכע די געפאר האָט מיט געווינטע הענט
אוועקגעלייגט מײַנ קאָפּ אפ דער מילכאָמעס פלאכע.

אונ איכ בינ דאנ געווענ דער יינגסטער צווישנ זינגער,
כ'האָב אָפּגעווענדט די האק, דאָס לעבנ כ'האָב פארהיט,
אונ אפ דעמ ביקסנ-שלאָס אוועקגעלייגט די פינגער,
ווי ס'וואָלט די ביקס געווענ א קלאוויש פונ מײַנ ליד —

איכ זינג זי אײַכ, די ליד. איכ ברענג זי אײַכ, די ליד,
די אויסגעלײַטערטע בא טהאָמענ פונ די וועלטנ —
אינ איר האָבנ דעמ טרוימ דעמ ליכטיקנ פארהיט
די אומגעקומענע, די קדושים אונ די העלדנ!

כ'שטיי אופ באנאכט. צום שלאכטפעלד ציט דאָס הארץ מײַנס,
אונ אײַכ איכ פיר צום פעלד פונ רומ אונ וויי:
א קייווער — כאשטשעוואצקי... נאָכ א קייווער — הארצמאנ,
אונ זעלדינ דער מאטראָס פארגראָבנ ליגט אינ שניי...

מײַנ פרײַנט אָליעווסקי קומט צו אונדז ארויס
פונ יענע ווײַטקײַטנ, ווו ס'ווערט דער מענטש פארלאָרנ —
„מיר זײַנענ קלייניקע געוואָרנ גרויס,
אונ ווייסט דער רו'כ, ווו זײַנענ זיי, די יאָרנ"...

אזעלכע ווערטער האָט ער אונדז פארטרויט! —
מיר זײַנענ קלייניקע געוואָרנ גרויס אינ שלאכטנ...
אויכ מיכ האָט אָנראכמאָנעסדיק דער טויט
פיר מאָל געוואלגערט אפ מילכאָמעס פלאכע.

אונ איר געדענקט אוודע יענעמ אָוונט,
די מאטע שײַנ, דעמ אומעט אינ דער מיט,
ווענ ס'האָט דער גרויער קאָפ בא קושניראָווג
אראָפגעלאָזט זיכ אפ מײַנ לעצטער ליד.

נאָר איכ האָב אויסגעלעבט אינ ווייענ שטארקע,
אונ אײדער מ'האָט מיט מאָרפי מיכ פארוויגט,
האָב איכ א טראכט געטאָנ: אינ פלאמ איז ארקע,
אונ עזראָ פײַנבערג אינ סאמע פײַער גליט.

אונ איצט עס טרעפט: דער ווייטעק אינ די ווונדנ —
ער וועקט מיכ אופ, אונ כ'גיי צו מײַנע פרײַנט,

און איך דערקען אין דער צעגליטער זון דאָ
פון אויגן אויסגעלאָשענע די שײַן.

און ווען מיט שוועס פון דעם הארץ איך רעד,
איך קוק אַרײַן אײַך אין די אויגן, ברידער —
עס זאָל דער טרוים פון אומגעקומענעם פּאָעט
אַרײַן אין אײַער הארץ מיט מײַנע לידער!

1945.

# 5. דער וועג צומ זיג

## 22־טער יונ 1941

דעם שטויב איך טרייסל ניט אראָפּ פונ מײַנ שינעל,
איך קום פונ שלאכט, און ס׳וואַרט א שלאכט א נײַע,
און ווי א הייליקע באטרעט איך אײַער שוועל —
זיך צוזעצנ א רעגע בײַ דעם פײַער.

די אויגנ צומאכנ און אָפּרוען מיט אײַך,
און זאָל זיך די דערמאָנונג אויסשיילנ פונ נעפּל:
דער ייִשעוו און דאָס פעלד, דער אינדזל און דער טײַך —
דאָס אלצ האָט אפ דער ערד געהאט א נאָמענ: „לעבנ“.

דער וואלד געווענ באדעקט מיט סאמעט אפ די שטאמענ.
דאָס וואָיענ פונעם וואָלפ, דעם פויגלס רויִק שוועבנ,
וואָס האָט געבראכט אהער א גרוס פונ ווײַטע יאמענ —
דאָס אלצ האָט אײנעם וואלד געהאט א נאָמענ: „לעבנ“.

דאָס לעבנ האָט געמינעט זיך, געפלאַטערט,
אינ זומערדיקער היצ — מעכײַעדיק פארמאטערט,
באפליגלט, לײַכט און פריש — אינ פרילינגדיקנ ציטער,
און שטענדיק פול מיט פרייד, מיט דונער און געוויטער,

אפ הוילנ שטײַנ די זונ און אונטער צווײַג דער שאָטנ,
דער אופגעשפּיצטער בארג, א זעמדעלע דערנעבנ,
דער אָדלער אפנ בארג, א ווערעמל אינ באָדנ —
דאָס אלצ האָט אפ דער ערד געהאט א נאָמענ: „לעבנ".

מיט נאכעמ האָט דער מענטש געקוקט אפ אָט דער וועלט,
פונ שניט-צײַט צומ פארזיי געווענ אי ווײַט אי נאָענט,
אינ מי האָט ער פארמאָגט די קויכעמ פונ א העלד,
די קלוגשאפט פונ א נאָווי...

באגינענ האָט די וועלט זיכ אופגעכאפּט פונ שלאָפ:
דער מילנער צו זײַנ מיל, דער פאסטעכ צו די שאָפ,
אונ צו זײַנ בלאָז-זאק איז געגאנ דער שמידער,
אונ איכ בינ דאָרט געווענ מיט מײַנע יונגע לידער.

אונ פלוצעמ... איבעמ שײַנעמ יוביקנ גאנצפרי
צומ קריג צומ הייליקנ דאָס פאָלק דערוואכט האָט,
ווענ ס'האָט דערהערט דעמ רופ — ניטא צו געבענטשטער מי:
א, פאָלק מײַנס, צומ געווער, אָ, גיבער-פאָלק, צו שלאכט!

איכ בינ צו דעמ געפעכט נאָכ ניט געווענ געוווינט —
געשטאנענ כ'בינ דערשטוינט...
דער הימל האָט געברענט, די ערד האָט זיכ געוויגט —
דאָס איז געווענ אינ אָנהייב פונעמ גרויסנ קריג...

## שניט-צײַט 1941

שניט-צײַט, בייגנ זיכ די שניטערס צו די פּולע, שווערע זאנגענ,
גיט קיינ סערפּנ, ניט קיינ קאָסעס — שפּיזנ, ביקס-רערנ אונ העק,
אונ די שניטערס — ניט האלב-נאקעט, נאָר פארגארטלט אונ באהאנגענ,
אינ דעמ גרויענ באקי-אַנטאַנ, גלײַכ זיי קלײַבנ זיכ אינ וועג.

נעמט א גראָבײַזנ אײַנ שניטער, בא די וואָרצלענ גראָבט דעמ קאָרנ —
וואָלט ער דענ אזוי געשניטנ? צי ניט זײַנער — דער פּארזיי?
די מילכאָמע וויל ניט וויסנ: שטרוי צי בלומענ, זאנג צי דאָרנ,
דער סאָלדאט בעט אויס מיט זאנגענ זײַנ געלעגער אינ טראנשיי.

קיינער טרײַבט פונ פעלד די פייגל — זאָלנ זיי כאָטש קערנער פּיקנ,
אונ עס טוט דאָס הארצ א טיאָכקע, ווענ א זאנג שוינ ווערט פארגעלט.
זוכט א שניטער אינגעמ זעקל, זוכט געבאקנ ברויט א שטיקל,
אונ געפינט א שטיקל בלײַ דאָרט, אונ פארקוקט זיכ אויפנ פעלד.

דרײַבט ער אָנ א הויפנ קערנער אונ צעמאָלט זיי מיט די ציינער,
ווארעמ, זיס עס ווערט אינ מויל אימ פונ ניט-אָפּגעשניטענ ברויט,
וועט ער גיינ זיכ איצטער שלאָגנ, אונ אימ אָפּשטעלנ וועט קיינער,
אונ ניט אָפּשרעקנ עס וועט אימ — ניט דער סוינע, ניט דער טויט.

מײַרעוו-ווײַסרוסלאנד, 1941.

* * *

דעמ זעלנער שווער באגרײַפנ איז: א יונגער גיבער,
ער הערשט איבער דער שלאכט, נאָר לעבט אינ נאסע גריבער,
אונ האָבנדיק אינ זינ די שײַנ פונ שטערנ ווײַטע,
ער פירט באנאכט אינ שניי אונ צינדט ניט אָנ קײנ שײַטער,
דעמ טרוימ פונ צוואנציק יאָר אפ שפיז טראָגט ווי א טראָפנ —
אונ פונעמ טויט איינ אויגנבליק טיילט אָפ אימ.

די שלאכט באגרײַפנ, פרײַנט, איז אומגעהייער שווער,
עס מאָלט זי אָנ דער מענטש מיט בלוט אפ קרומער ערד,
אָט קומענ זיכ צונויפ די קויכעס צוויי אינ פעלד,
אפ וועלכנ ס'ליגט דער גוירל פונ דער גאנצער וועלט,
זיי שרײַענ אויס דעמ קאם, אונ יענער בלײַבט גערעכט,
ווער שטארקער איז פונ פײַנט מיט הארצ, מיט מוט, מיט שווערד.
דאָס קליגגענ פונ מעטאל, פונ מינעס דאָס געביל
איז ליב אונדז מיט זײַנ מיינ, ס'זאָל ווידער ווערנ שטיל...

נאָכ שווערער פונ דער שלאכט באגרײַפנ איז די רעגע,
ווענ ס'הילכט אָפ דאָס געשלעג... א שווײַגנ. ס'גיסט א רעגנ.
דער בארג איז ווי א טיש פונ אויסגעטאָקטע שטיינער,
נאָכ טויט־מאָלצײַט פונ אימ מע ווארפט אראָפ די ביינער,
אונ כאָטש דער טויט דאָ שוועבט, ער איז, מײַנ פרײַנט, פארגעסנ —
מיט מאָס פונ דעמ ניצאָכנ בלוט אונ וויי מיר מעסטנ.

אפנ אָסקאָל, פעוראל 1943.

* * *

הארבסט, לעוואָנע־ליכט, זומפּ און וואלד,
אין דעם שוצגראָבן ערד און ליים,
עפּעס וואלגערט זיך, וואקסט און פאלט —
ניט קיין וואסערפאל, ניט קיין שטיין.

וויפל טעג אדורך, וויפל נעכט,
אמאָל הונגעריק, אמאָל זאט,
גלייך געבוירן אים האָט די ערד,
זיצט אין שוצגראָבן דער סאָלדאט.

הארבסט, לעוואָנע-שיין, זומפּ און וואלד,
ס'ברעכט דער ווינט אויס פון בוים א רוט.
שווער דעם זעלנער איז, נאס און קאלט,
אין די אָדערן פרירט דאָס בלוט.

דריקט ער פעסטער די ביקס אין האנט,
און דאָס פייער אין ביקס אים פאָלגט.
הינטער אים דאָס באשיצטע לאנד,
און איבער אים — דאָס פאָלק.

1942

# דעמ זעלנערס מוטער

וועסטו נעמענ אימ באדויערנ אונ זשאלעוועג,
אז געהאט האט ער אינ לעבנ כיעס ווייניקלעכ,
אינ די שנייענ קומט ער אפּ, דײַנ זונ, פאר אלעמענ:
פאר די אוועס, פאר די אייניקלעכ;

וועסטו רופנ אימ, ווי קינדווײַז, ווײַסעכעוורעניק
אונ אימ נאכאמאל אונ נאכאמאל באדויערנ,
צו דער קויל, וואס קערט ניט אפּ זיכ אונ פארקערעוועט ניט,
וועסט דאס לעבנ זײַנס פארגלײַכנ — אונ וועסט טרויערנ;

אונ זײַנ העמדל וועסט צעשפּיליענ אונ פארשפּיליענ עס —
ס'יונגע לײַב זײַנס איז צעריסנ אונ פארנייט דערנאכ.
וועסטו מאכנ זיכ ניט זעענדיק, דערפילנ וועסט,
אז דער אומעט ווי א שווארצע כמארע גייט דיר נאכ;

וועסטו נאכקוקנ דײַנ ציטעריקנ יונגעלע,
ווי עס שווינדלענ אפּ אימ אופרײַסנ, ווי שנײַ־פלעקנ.
וועג אינ גרובנ ער וועט רוענ אינ א ווינקעלע,
וועסטו קומענ, אינ שינעל אימ זארגזאמ אײַנדעקנ, —

וועט ער אופהייבנ צו דיר זײַנ שטאלצנ ליבע-בליק:
— כ'בינ קיינ קינד שוינ ניט... דײַנ זארג פאר מיר איז איבעריק,
די מילכאמע, מאמע, פרווט אונדז אונ פארהארטעוועט,
ס'לײַב פארגרעבט ווערט — די נעשאמע צארטער ווערט...

1943.

# א טרער, מײַן פרײַנט, טוט קײנמאָל מיר ניט באַנק...

א טרער, מײַן פרײַנט, טוט קײנמאָל מיר ניט באַנק,
א טרער פון פרייד, א ווארעמע און קלאָרע.
זי רינט אראָפּ — ווערט העלער דער געדאַנק,
די שענסטע ליד עס ווערט מיט איר געבאָרן.

ווער זאָגט, אז טרערן קומען נאָר פון וויי,
אז נאָר פון גרויליקן קומען אָן די טרערן?
א טרער איז אויך איז ניט קיין שטיקל שניי,
נאָר א צעגליטער טראָפּן פון א שטערן!

עס טרעפט: דאָס אויג קאָן טרוקן מער ניט זײַן,
פון גרויסער פרייד די ברוסט ווערט שיר צעריסן, —
דאַן הייבן אָן די הייסע טרערן פליסן,
און גלייב מיר, פרײַנט: ביז ווייטעק עס פארדריסט מיך,
אויב פרייד און גליק די טרערן האַלטן אײַן.

דער פרישער טוי בעגעטשט אינדערפרי דעם זאַנג,
איז וואָס, אז טוי אָפּ וויִעס כ'האָב פארלאָרן?
א טרער, מײַן פרײַנט, טוט קײנמאָל מיר ניט באַנק,
די שענסטע ליד עס ווערט מיט איר געבאָרן.

# דער גורל

מע פלעגט מיר איינטיינען: דער גורל איז א שטריק,
איין עק זיינער איז אף דעם מענטשנס האלדז פארצויגן,
און פאר דעם צווייטן האלטן זיך דער אומגליק און דאס גליק.
וואס פירן אום דאס מאל הין און צוריק
און טוען עס באם מענטש אונטער די אויגן;
דער גורל, פלעגן איך הערן, פירט דעם מענטש צום טהאם,
און ער, דער שוואכער מענטש, וואס קאן ער טאן?

ווו זיינען די, וואס האבן דורך די נעכט
געשפינט די באבע־מייסע וועגן פאכעד?
איך בין אין שלאכטן דורכגעגאן די ערד
און קיינמאל צווישן זעלנער ניט געהערט
דעם נישטיקן געיאמער פון די שוואכע!

און איינמאל האט געזאגט מיר א סאלדאט א ריז:
— דעם גורל מיינעם טראג איך אפן שפיץ פון שפיז...

**אונטער ווארשע, 1945.**

# זעלנער

פונ צווײַגנ אונ כוואָיע געבויט האָבנ מיר די געצעלטנ,
אונ יעדער געבראַכט האָט פאַר זיכ שוינ א ביסעלע היי,
מיר רוענ הײַנט, זעלנער, פאַרגעסנ די מידקײַט, דעמ וויי,
אזא פאַרגעניגנ מיר קענענ פאַרגינענ זיכ זעלטנ...

באמ שײַטער סאָלדאַטנ מיט ביקסנ געלאָדענע זיצנ.
אינ פײַער זיי וואַרפנ בערעזעווע צווײַגעלעכ דינע,
אונ אײנער פאַרהײבט צו דעמ הימל ס'געזיכט דאָס צעהיצטע,
דערמאָנט זיכ מיט יינגלשער בענקשאַפט: „Сижу у камина“...

באַשעפטיקט אונ ערנסט עס ווערנ די מילדע סאָלדאַטנ,
ווער ס'רייניקט די ביקס, ווער עס שניצט זיכ פונ האָלצ אויס א לעפל,
אונ ווער די צעריסענע שטיוול מיט דראָטווע פאַרלאַטעט,
אונ ווער מיט א מעסער א באַנקע קאָנסערווע צעעפנט.

דער קעכער דעמ שווייס ווישט אונ שרײַט, אז ס'איז גרייט שוינ דאָס עסנ,
די בלעכענע קענדעלעכ שווימענ ארויס פונ דער פאַרע.
מיט שפּיזנ צעברעכט מענ די טרוקענע, דאַרע סוכאַרעס,
אונ ראשיק מע לאָזט זיכ אוועק צו דער קיכ, צו דעמ קעסל.

באַר פלוצעמ — א שאָס אונ א צווייטער. די קענדרעלעכ פולע מיט
קאשע
מיר פעסטיקנ צו צו די רימענס — ווער וועט איצטער עסנ באַוויַזנ?
ס'ווערט ענג אינעמ וואלד, עס צערוקנ די צוויַיגנ זיכ ראשיק,
מע ווארפט זיכ צומ וואָפנ, אונ ס'הערט זיכ א קלינגענ פונ איַיזנ.

פונ גריבער באהעלט'ניש מע רוקט שוינ ארויס די האַרמאַטנ,
עס צילנ זיכ אָנ צו דעמ סוינע די טונקעלע רערנ,
דער וואלד איז פארגליווערט, פארגליווערט אפילע די שטערנ.
— א וועג איַיכ א גוטנ, האַצלאָכע אינ שלאַכט איַיכ, סאָלדאַטנ!

פוילנ, 1945.

# אין סוינעס הינטערלאנד

אין שפעטן הארבסט איז נידעריק דאָס פעלד און אָרעם,
אף הוילן רוקן זײַנעם כ׳זע דאָס באַגנטע און כ׳זע דאָס ווײַטע:
פון האָרפּ צום דײַטשיש פּאָזיציעס עס פּאַרט א רײַטער,
פון דר׳ערד, לעם עלנבויגן מײַנעם, קריכט ארויס א וואָרעם.

דער וואָרעם מיינט, אז קויעך האָט ער מי-יעדייע וויפל,
אז ער האָט דורכגעשרויפּט די ערד, ווי קרויט א הייפּטל,
און דורכגעקראָכן שוין דורך אלע זיבן איילן,
וועט ער די ווערעם וואונדער איצט דערציילן...

ער ציט זיך אויס,
ער דרייט צונויף זיך ווידער, ווי א בויגן, —
ביז איך צעקוועטש אים מיט א דיר פון עלנבויגן...

אין שפעטן הארבסט איז נידעריק דאָס פעלד און אָרעם,
אף הוילן רוקן זײַנעם כ׳זע דאָס באַגנטע און כ׳זע דאָס ווײַטע:
אף דר׳ערד, לעם עלנבויגן מײַנעם, א צעקוועטשטער וואָרעם,
און פון מײַן שאָס עס פאַלט דער דײַטש — דער רײַטער.

אווגוסט, 1942.

* * *

דו פרעגסט, צי איכ שרעק זיכ,
צי ווארפט די געפאר אפ מיר אַנ דאָ א מוירע?

דערמאָנ איכ זיכ:
קינדווייז פלעגט טרעפנ — כ'בינ וואכ ביז דער דריטער אשמורע
אונ הער, ווי עס גייט עמעצ אומ אפנ בוידעמ אינ שטרויענע שטעקשיכ...
די פלעדערמייז פלעגנ מיכ שרעקנ,
די זשוקלעכ, וואָס פאלנ פארנאכט פונ די טונקעלע ביימער,
אינ כאשכעס געדוכט האָט זיכ מיר א פארשטאָרבענער שאָכנ
מיט שטאַרצנדע ציינער,
אונ אויסגעזוען האָט מיר געהיימ:
אינעמ ווינקל א בעזעמ, א צווייַגל אינ שויב אונ א שטעקנ.

אנ עמעס — געהאט האָב איכ מוירע...

צי ס'טרעפט זיכ אמאָל, אז איכ ציטער?
צי ווארפט די געפאר אפ מיר אַנ דאָ אנ אימע?

געדענק איכ:
אינ אָנהייב מילכאָמע — אריינַ אינ די שוצגראָבנס ערשט פונ די
פרידלעכע היימענ —

מיר פלעגן מיט שרעק זיך פארקוקן צום פלי פון א שפליטער,
און אָפּטמאָל פאַרבייגן דעם רוקן,
באַהאַלטן די קעפּ, ווען אן אופריַיס פלעגט טרעפן בישכיינעס,
און ליגן פאַרגאַפּט בײַ א קוואַל, בײַ אַ בלימל אַ קליינינקס
מיט מוירע —
שוין מער עס ניט זען, ווען דער טויט וועט פאַרצוקן...

אן עמעס — געווען איז אן אײמע...

צי וואַרפט די געפאַר אָפּ מיר אָן דאָ א פּאַכעד,
ווען יעטווידער טראָט איז פאַרקניפּט מיט סאַקאָנעס?

איז גלייב מיר:
א סינע אַזאַ צו דעם פײַנט, אז עס שרעקט מיך קיין זאַך ניט;
ס'פאַרהיילט זיך די ווונד —
גיי איך ווידער אין שלאַכט, ווי מע גייט צו דער שפּײַז נאָך א
טאָנעס.

.1945

* * *

כ׳איז געשלאָפנ מײַנ אויג אונ דאָס מויל, נאָר ס׳איז אָפנ דער אויער,
אונ אינ אימ אונ אַרומ זײַנענ קלאַנגענ געשליפנ אונ ברייט.
שפּיל אַזוי, באַיאַניסט, אַז די פֿרייד זאָל ניט וויסנ פֿונ טרויער,
אונ דער הימנ זאָל שטאַרק זײַנ, אונ ליב זײַנ, אונ גרויס, ווי די פֿרייד.

אײַ, ס׳איז גוט, אײַ, ס׳איז ווויל, אײַ, א רו׳כ אינ דײַנ לײַב,
באַיאַניסט!
שפּיל די ליד פֿונ געשלעג, דער אַליאַרעמ פֿונ מעשענע גלעקער
זאָל מיט בלײַ פֿונ דער קויל אונ מיט בלוט פֿונעמ האַרצ זײַנ צעמישט
אונ די ליד פֿונ דײַנ אומרו זאָל שלאַכטישנ דאָרשט אינ אונדז וועקנ.

שפּיל די ליד פֿונעמ פֿאָלק, וואָס אינ לעבנ אונ שטרײַט דיכ
באַגײַסטערט,
אונדזער הײמלאַנד באַזינג, זײַנע גאָלדענע אויצרעס, זײַנ פּראַכט,
דעמ באַזילבערטנ טאָל, די צעפֿײַערטע זונ אונ די אײַזבערג —
אַלצ, וואָס מיר איצט באַשיצנ אינ שלאַכט.

אײַ, ס׳איז גוט, אײַ, ס׳איז ווויל, אײַ, א רו׳כ אינ דײַנ לײַב,
באַיאַניסט!

וואָס פֿאַר שיידימ אזעלכע באַהאַלטסטו אינ לעדערנער ברוסט פֿונ
האַרמאָניק?
ס'האָט דײַנ שפּילנ מיט טענער פֿונ הייסנ געפֿעכט זיכ צעמישט,
ווי מיט זאַפֿטנ פֿונ בוימ אפֿ דער קאָרע צעמישט זיכ דער האָניק.

דײַטשלאַנד, אפּנ אָדער, 1945.

## דער וועג צום זיג

די לעצטע הונדערט מעטער זײַנען מיר געקראָכן,
באם אויסגעשווענקטן ברעג צונויפגעגאן זיך שטיל.
אצינדער ליגן מיר פארטײַעטע און האָרכן,
און יעדער לעם זײַן הארץ דעם סוינעס בעגל פילט.

אין אופרײַס מיר דערזעען: ביימער, מוטער־נאקעט,
ווי קינדער אין א היץ, זיי ווארפן זיך אין טײַך,
דער כווישעב שלינגט זיי אײַן. מיר גייען אין אטאקע.
א טראָט שטעלן איז שווער, דאָס לעבן דורכגיין — לײַכט.

פארהאלט אונדז א מינוט דעם קוילנווארפערס פײַער,
ווערט עמעץ מיטן גוף פארשטאָפן אים דאָס מויל...
מיר לויפן צו דער בריק, און יעדער שפאן איז טײַער,
געציילט איז יעדער טראָט, ווי אין דער ביקס — די קויל.

און קיינער ניט באמערקט, ווי ס'גייט אוועק די נאכט שוין,
ערשט קוקן מיר זיך אום: ס'איז אונדזערע די בריק.
סאכאקל הונדערט שפאן אדורכגעגאן מיט שלאכטן.
אף הונדערט שפאן נאָך נעענטער צום זיג!

1944.

* * *

איצטער זײַנענ מיר עלטער אונ מוטיקער,
הייסע הערצער געלײַטערט מיט לייד,
עס איז שווערער א שווערד א פארבלוטיקטע
פונ דער שווערד, וועלכע ליגט אינ דער שייד.

איצטער זײַנענ מיר מילדער אונ איידעלער,
צארטע ליבע איז אונדז ניט פארווערט,
ס'מאָנט באמ זעלנער די שלאכט די אנטשיידענע,
שארפ אונ זויבער זאָל זײַנ די שווערד.

איצטער זײַנענ מיר זיכערער, גלייביקער,
אונ ס'פארגינט ניט דער פײַנט אונדזער שעמ.
לויב דער שווערד דער אנטבלויזטער, פארהויבענער,
וואָס דער סוינע באווײַזט זי ניט זענ...

לאַנדסבערג, 1945.

# בענקשאפט נאָכ ביראָבידזשאנ

מיט א פויל כ'וועל דעמ טויט דערווידערנ,
מיט די ציינ, מיטנ בלוט, מיט דער האנט.
אכ, ווי ס'בענקט שוינ דאָס הארצ בא מיר ווידער
נאָכ א ליד וועגנ ביראָבידזשאנ.

זאָלט איר וויסנ: איכ שטיי איצט אינמיטנ
פונ מיינ שליכעמ צומ גליק אפ דער ערד,
אונ איכ גיי דורכ אטאקעס צומ פרידנ,
וואָס איז, פונקט ווי די ליד, מיר באשערט.

אינ מילכאָמעס פארבלוטיקטע לידער
איז א ליכטיקע גרויסקייט פאראנ,
נאָר עס בענקט שוינ דאָס הארצ בא מיר ווידער
נאָכ א ליד וועגנ ביראָבידזשאנ.

.1943

# מײַן לויב

ס'האָט געהוידעט א טײַפֿון מײַן וויג,
נעמט מיך איצט קיין ווינט ניט און קיין פֿראָסט ניט,
וויפֿל בלוט דער זיג זאָל מיך ניט קאָסטן,
וועל איך אים אוועקנעמען באם קריג.

מאָרגן וועט דאָס לעבן מיך דערמאנען,
אויב אפֿילע פֿאלן וועל איך טויט.
אף די ברעגן ליכטיקע בידזשאנער
וועלן פֿעלדער לויבן מיך מיט ברויט.

און באם דניעפּער, אין דעם דאָרף וואגנײַקא,
וועט א מוטער, הוידענדיק די וויג,
זינגען לידער וועגן יונג פֿון טײַגע,
וועלכער האָט געבראכט אהער דעם זיג.

דאָרף וואגנײַקא, סמאָלענסקער געגנט, 1943.

# פרײַנטשאַפט

געקאָוועט מיט פראָסט אונ פאַרוואָרפנ אינ שניי,
אינ שטיינערנער ערד, ווי אַנ אויצער באַהאַלטנ —
דאָס ערד־שטיבל אונדזערס, אינ אים זאַלבעצווייט
מיר היטנ די רו אונ די ראַכוועסנ קאַלטע.

פונדאַנענ ווינט־ווינט, בײַ דעם סאַמע טיבעט
מײַנ פרײַנט איז געבוירנ, אונ איכ — בײַ דער בירע,
נאָר איצטער מיר טיילנ פונ כוואָיע דאָס בעט,
אינ קאַלטער זעמליאַנקע די היימ ניט פאַרלירנ.

מײַנ כאַווער פאַרשטייט ניט מײַנ ייִדישע ליד,
נאָר גלייביק ער הערט זי מיט נײַגיר אונ קאָוועד;
אונ ניט די זעמליאַנקע אונדז פאַנצערט אונ קאָוועט —
די וואַרעמע פרײַנטשאַפט באַשיצט אונדז אונ היט.

פעווראַל 1944.

# די וועווערקע

ווענ ס'האָט א קנאַל געטאָנ די ארטילעריע, האָט זיכ די וועווערקע דערשראָקנ:
מע מיינט געווים דאָכ זי, אונ אלע רערנ זײַנענ אָנגעצילט אפ איר...
אראָפּ פונ צווײַג אונ פײַל־אוים־בויגנ זיכ געטראָגנ
אונ מיטאמאָל — א שפרונג אינ שוצגראָבנ צו מיר.

אינ שוצגראָבנ האָט זיכ די וועווערקע פארשלאָגנ אינ א ווינקל,
דעמ רוקנ אויסגעבויגנ אונ דעמ עק צעבעזעמט אפ דער ערד,
דאָס שפּיציק קעפּעלע, די רויטע פּיסעלעכ אינ ברוינעמ פעלעכל פארוויקלט,
אונ נאָר די אויערנ ארויסגעשטעקט אינ פאָרכטיקנ געהער...

א נאריש בײַעלע... ווי קומט עס וויסנ, אז די דונערנ פונ די הארמאטנ
קיינ פליג, קיינ מורעשקע אונ אויכ קיינ וועווערקע ניט רירנ אָנ,
אונ פונקט, ווי ס'וועט א שרויטעלע דעמ העלפאנד דעמ שווערלײַביקנ ניט שאטנ,
אזוי וועט אויכ א פײַער־קנויל דער וועווערקע קיינ בייז ניט טאָנ.

זי ווייסט אויכ ניט, אז אינ דעמ שוצגראָבנ, מיט איר אָפּ איינ געלעגער,
עס ליגט אונ קוקט אפ איר פארכידעשט אונ פארבענקט
א שלאַנקער טײַגעריונג, אונ אוסורײַער יעגער —
אונ ס'האָט דער יעגער איר דאָס לעבנ שוינ געשענקט...

אונטער בעלגאָראָד, מארט 1943.

* * *

א רעגנ א גאָס. אינ די ריוונ
איז פינצטער, אונ ליימיק, אונ ענג.
עס זינקענ אינ בלאָטע די שטיוול.
אונ ס'וואסער די ביקסנ פארשווענקט.

די גריבער אָט די, די קאריערנ
באמ ראנד פונ דער ווארעמער היימ —
מיר פלעגנ אינ מי אינ שווערער
דאָ גראָבנ פאר ציגל די ליימ.

אונ ליב איז געווענ אונדז די ארבעט,
די ליימיקע ענגשאפט באוויינט.
ווי קאָנענ מיר איצט דאָ שטארבנ?
ווי קאָנענ מיר דאָ פארגיינ?

באמ קריגער די פריידנ, די זאָרגנ
מיט שײַנ פונ דער צוקונפט באשײַנט:
אז פרײַ זאָל די מי זײַנ מאָרגנ,
דעמ סוינע מיר הארגענענ הײַנט.

.1943

# צוויי דעמבנ

בא אונדזער פּאָזיציע — צוויי דעמבנ, צוויי ריזנ.
דער סקריפּ אינ די שטאַמענ מײַנ בענקשאַפֿט דערוועקט:
וואָס מער איכ פֿאַרשטיי אינ דעמ שטאָכ פֿונ די שפּיזנ,
אַלצ טײַערער ווערט מיר דער שניט פֿונ דער זעג.

ווי גוט וואָלט געווענ איצט אַרײַנ צווישנ צווײַגנ,
פֿאַרשנײַדנ די זעג אינ אַ דעמבענעמ שטאַמ —
אַזוי ווי איכ פֿלעג עס טאָנ אינ דער טײַגע,
בא ברעגנ פֿונ בירע, אינ ביראָבידזשאַנ.

ס'איז שמאָל די פּאָזיציע, נאָר ברייט איז מײַנ וועלט דאָ,
צי איז דאָס שוינ וואָר, צי איכ זע זי בלויז אינ טרוימ? —
צוויי דעמבנ, צוויי ריזנ. באַמ וואַלד־זוימ — געצעלטנ.
מיט האָלצהעקער כ'וואָלגער אַ בוימ נאָכ אַ בוימ.

.1944

# א בריוו פונ בערלינ קיינ ביראָבידזשאנ

גוט-יאָמטעוו אייַכ, מיט גליק אונ מיט ניצאָכנ!
ס׳ליגט אונטער מייַנע פיס בערלינ צעבראָכנ.
זייַ שטאָלצ, מייַנ פאָלק, אונ גרויס זיכ, ווייַטע היים!
דייַנ זונ געקומענ איז צו דייַטשלאנדס קאלטנ שטיינ
אונ אויסגעקריצט אפ אימ מיט שווערד: „ניצאָכנ!“.

דעמ נעשנ פונ דייַנ בלוט אונ פונ דייַנ וויי
געבראכט איכ האָב אינ ווילדער נעסט פונ סוינע.
ווו זייַנענ איצט די אונטערהיינדער? זיי
צעטראָטנ ליגנ אפ בערלינער שטיינ
ווי אפ א פוילנ שטאמ די מאָכנ ברוינע.

גוט-יאָמטעוו אייַכ, מיט גליק אונ מיט ניצאָכנ!
ס׳ליגט אונטער מייַנע פיס בערלינ צעבראָכנ.
אינ ריי פונ פעלקער מיט א שטאָלצ געמיט
א זעלנער פונעמ גרויסנ שטרייַט — א ייִד
זיכ גרויסט מיט דעמ דערוואָרבענעמ ניצאָכנ.

איך זע דאָס פּאַטערלאַנד פון פרעמדער ווײַט.
באַצירט מיט לאָרבערן מיט אייביק גרינע,
דאָס לעבן, דאָס געוויסן איז באַפרײַט,
אויף פאַר מײַן פאָלק געקומען איז די צײַט,
ווען ווידער קען עס שוין זיך פרייד פאַרגינען.

איז נעם א האַק און ווידער — איך דער מײַנע,
נאָך שווער געפעבט זאָל שטרענגער זײַן די מי,
די פרײַע ליד אין פרײַען לאַנד פאַרצי,
און ליב זאָל זײַן פון נײַער מי דער מײַנען!

5 מײַ, 1945

# ווידער אין דער היים

געגאנגען שנעל, ווי פאר א זעלנער פאסט,
און גלייך באמערקט: דאס דארף האט זיך געביטן —
אמאל איז דא געווען די עקסטע גאס,
און איצט איז פונעמ׳ ישעוו דא דער מיטן.

די טײַגע איז פון דארף העט-ווײַט אוועק.
ער קוקט און קען דאס ארט זיך ניט דערמאנען:
אמאל איז דא, בא דעם געדרייטן וועג,
א יעגער־פאנזע פון א גאלד געשטאנען.
און ער, א קינד נאך, פלעגט מיט שטילער שרעק
א וועווערקע דערזען דא אין געבלעטער,
און ער געדענקט, ווי עלטערע מיט העק
געקארטשעוועט דא האבן ווילדן צעדער...

איצט שטייען הײַזער ענגע אין דער ריי,
די סאפקע, וואס פון הײַזער ווײַט געווען איז,
האט איצט אוועקגעשטעלט זיך צווישן זיי,
און א באהאנגענע מיט שויבן איז זי שענער.
אין סאמע מיט אירער מ׳האט אפגערוקט א שטיין,
און רעלסן שטאלענע אין שווארצן כאלעל פליגען,

עס דוכט: ס'האָט עמעצער אַרײַנגעשטעלט איר צײנ,
אונ זי, די סאַפּקע, איז פֿונ דעם געוואָרנ יִנגער.
דאָס שנעלע טײַכל, וואָס אינ בירע נעמט זײַנ לויפֿ,
האָט פֿונ דער טײַגע שוינ אַרויסגעשווענקט דעם פּלאָנטער...

ער גײט דאָס בריקל דורכ. אונ אָט איז שוינ זײַנ הויפֿ,
אונ אָט איז שוינ זײַנ שטוב, דעם פּלויט דערקאָנט ער.
דער גאַנעק שפּאַרט זיכ אָנ אינ ברײטע טרעפּ.
ער זעט אימ דורכ די שיטערע שטאַכעטנ,
אַפֿ דינע דרענגלעכ טריקענענ זיכ טעפּ,
זײ הענגענ דאָ פֿונ פֿרי ביז אָוונט שפּעטנ.
אינ פֿאָדערהויז ער גײט אַרײַנ צעמישט
אונ שלאָגט זיכ דורכ א וועג צווישנ די אויפּעס... —

די עלנבויגנס אָנגעשפּאַרט אינ טיש
אונ צוגעדריקט די אויגנ צו די דויפּעקס,
אינ לײַוונטענעמ העמד — ביז פּיאַטעס לאַנג,
אינ א פּאַטשײלע אונ אינ שטעקשיכ פּראָסטע
אַפֿ דער געשניצטער, אויסגעפֿאַרבטער באַנק
דערזעט ער זי, זײַנ יונגע באַלעבאָסטע.

צי זי האָט אָקאָרשט זיכ אינ אימ דערמאָנט,
צי ער האָט זי א רופֿ געטאָנ באַמ נאָמענ,
צי עפּשער קלינגט שוינ גאַנצ ביראָבידזשאַנ,
אַז ס'קערט זיכ אומ איר מאַנ פֿונ דער מילכאָמע —

זי גײט צו אימ א לאָז זיכ... אונ אימ דאַכט:
פֿיר לאַנגע יאָר אינ פֿײַער פֿונ דער שלאַכט
אַרײַנגעקוקט מיט שויבנ האָט זײַנ וווינונג.
די פֿרוי ער דריקט צומ האַרצ, ווי א באַלוינונג...

* * *

דאָס ערשטע מאָל כ'האָב זיכ פאַרבונדנ מיט דער ערד —
ניט ווענ איכ האָב זי ס'ערשטע מאָל באַטראָטנ,
נאָר ווענ דערפילט איכ האָב, אַז אַפנ זאַסטעפ איז זי שווער,
אונ איכ מײַנ האָרעוואַניע גייט זי אופ געראָטנ.

דאָס צווייטע מאָל כ'האָב זיכ פאַרבונדנ מיט דער ערד,
ווענ אָנגעטרויט כ'האָב איר דאָס בלוט מײַנס אונ מײַנ אָטעמ,
ווענ כ'האָב געמאַכט פאַר איר אַ שירעמ פונ מײַנ שווערד,
ווענ זי האָט מיכ שוינ שיר אַפ אייביק ניט פאַרשאָטנ...

דאָס דריטע מאָל כ'האָב זיכ פאַרבונדנ מיט דער ערד,
ווענ זי האָט ווידער זיכ מיט פרוכט אונ ברויט באַלאָהנ
אונ אומגעקערט מיר דאָס, אַפ וואָס אַ מענטש האָט רעכט:
פאַר מי — די ראַכוועסנ, אַפ אָפרוען — אַ שאָטנ.

.1945

# איננ דער היימ

פאַרזוכט שוינ דאָס ברויט פונ דער אייגענער מיל,
דאָס פלייש, וואָס מיר האָבנ געקראָגנ אַפּ יאַגד עס,
די רויטע קעטא, די געפּרווירענע מילכ,
די ניסלעכ פונ צעדער, די ווײַניקע יאַגעדעס.
באַפּעליצט און מיט פּוטערנע אונטעס באַשוכט —
אינ הירשענע פעלכלעכ די פיס זײַנענ גרינגער...
— איז זינגט אונדז א יאַגד־ליד, ייִדישע זינגער,
אויב אַלע מײַכאָלימ איר האָט שוינ פאַרזוכט.

פונ אייגענעמ ווײַנגאָרטנ ווײַנ שוינ געפּרווט,
מיט זויער־געזײַערטנ קרויט שוינ פאַרביסנ,
א נאַש געטאָנ ביטערנ בראַנפנ א ביסל,
פאַרשעפּט אויכ פונ האָניק פונ זיכנ דעמ דופט.
די קויסעס לעכאַימדיק, בלענדיק זיכ וויגנ,
זיי גלאַנצנ מיט פאַרבנ פונ זונ און פונ פרוכט.
— איז שפּילט אונדז, קלעזמאָרימ, א ייִדישנ ניגנ,
אויב אַלע מײַכאָלימ איר האָט שוינ פאַרזוכט.

פאַרזוכט שוינ די פּירעס פונ שווייסיקער מי,
מיר זעצנ זיכ אויס אַפ דער ערד, ווי די פייגל.
מיר קומענ פונ שלאַכטפעלד, מיר זײַנענ שוינ הי,

מיר קושנ די ערד, וואָס איז ליב אונדז אונ אייגנ.
ערשט נעכטנ, באַמ זעלנערשנ קרייַז, האָט געדוכט,
אַז ס'וועט די מילכאָמע מיט ערד דינ פאַרשיטנ...
— איז ברייטער דעמ קרייַז, אונ די טענצער אינמיטנ —
שוינ אַלע מיכאָלימ געפּרוווט אונ פאַרזוכט...

אינ טאַנצ זיכ צונויפגיינ אונ ברייט זיכ צעגיינ, —
וועט סטייענ אונדז פּלאַצ אַפ די היימישע ברעגנ!
אונ נאָכעמ וועט קלייַבנ די יידישע געגנט
פונ אונדזער פאַרברויגטנ סאָלדאַטישנ כיינ.
היי, זינגער אונ שפּילער אונ טענצער, אַהער!
די סימכע איז גרויס, אונ די אַרבעט — נאָכ גרעסער.
מיר קומענ פונ פראָנט אַפ דער טייַגישער ערד,
זי מאַכנ נאָכ שענער, אונ ליבער, אונ בעסער...

.1946

# ביראָבידזשאַנער דאָר

דער ערשטער ייִד, וואָס איז געבאָרנ אינ דער טײַגע,
איז אַלט שוינ צוואַנציק יאָר. נאָכ גאָר א פּיצל קינד.
ער פלעגט ניט שרעקנ זיכ אינ ווילדנ וואַלד אַרײַנגייענ,
ווי ס'האָט ניט מוירע שטיינ א סטעפּ־קינד אפנ ווינט.
ער איז געוועזנ געראָטנ אינ א יונגנ צעדער,
וואָס ניט געבראַכט מ'האָט אימ פונ ווײַטסטער ווײַט אַהער.
נאָר ער איז אופגעוואַקסנ אַפּ דער ערד דער פעטער,
אונ פונ א היגנ נוס זיכ אויסגעפּיקט האָט ער.

צי ווײַל עס האָט דאָס קינד שוינ ניט געוווּסט פונ וואַנדער,
צי ווײַל עס איז געוועזנ פונ איבערוואַנדערער א קינד,
אינ היימ האָט ער געקענט — אָט די, אונ ניט קיינ אַנדערע,
אונ זי געליבט, ווי ס'ליבט א סטעפּ־ייִנגל דעמ ווינט.
דאָ האָט ער זיכ געשפּילט, געפּאַקט דאָ אונ געמאָזלט,
בא דעמ בערעזע־שטאַמ געגאַשט די רויע קראַפּט,
פאַר אימ די ערד געשפּרייט האָט וויקעלעכ פונ גראָזנ
אונ צו זײַנ מאַמעס מילכ האָט צוגעמישט איר זאַפט.

די טײַגע איז געוועזנ אויכ זײַנ גוטע באָבעשי —
מיט טערפּקײַט אימ געשטאַרקט די מילכיק־ווײַסע ציינ,
אונ אַלע אינדערפרי א צווײַגל, פול מיט טראָפּנ־שײַנ,

זי פּלעגט אימ אויסשטרעקנ אונ טרײַ אימ העלפנ גײנ.
געווענ פאַר אימ דער וואַלד איז פול מיט פאַרגעניגנ:
דאָס זײַדנס פונ דער בלאַט, די פאַלדנ אינ דער קרוינ,
פונ נעסט די טונקלקײַטנ, וווּ עס פאַרציט א ניגנ
א מאַזיק, פּונקט ווי ער, א פויגלשער פאַרשוינ.

באַמ פלי פונ דעמ פאַזאַנ, באַמ שווערנ שפּרונג פונ בערנ
ער האָט געשפּאַרט פאַר זיכ דעמ פלאַטער אונ דעמ שווונג,
אונ בלײַבנ אײביק יונג דאָס קינד האָט זיכ געלערנט.
באַמ וואַלד, וואָס איז געווענ סײַ אַלט אַזוי סײַ יונג.
ווענ ס'האָט געפעלט אימ רו — אינ מאָל ער פּלעגט אַראָפּגײנ,
ווענ ס'האָט געפעלט אימ דראַנג — באַמ יאָג־טײַכ זיכ געשטעלט,
ווענ רוימ האָט אימ פאַרפעלט — געשטיגנ אַפ דער סאָפּקע,
ווענ ס'האָט געפעלט אימ ראַכוועס — פרײַ אַרויס אינ פעלד.

זײַנ שטוב — געראַמ אונ נײַ, אַרויסגעהאַקט פונ וואַלד ערשט,
מיט האָניק אונ מיט זאַפט געשמעקט די סאָסנע-וואַנט.
דאָס גאַנצע הויזגעזינד די ביימער האָט געוואַלגערט,
אונ ער — א קינד — האָט אויכ דאָרט צוגעלײגט א האַנט.
אונ איצט איז ער יונג — די פּלײצעס ברייט צעוואַקסנ,
אַפ אָפענעמ געזיכט צעגאָסנ ליגט דאָס גליק,
דאָס לײַב פאַרברוינט פונ זונ, די האָר צעקעמט פונ שלאַקסנ,
א הירש — אינ זײַנע פיס, אנ אָדלער — אינ זײַנ בליק.

אונ ווײַל עס האָט דער יונג שוינ ניט געוווּסט פונ וואַנדער,
אונ ווײַל ער איז פונ נאָר דעמ גרויסנ לאַנד א קינד —
ער האָט זי ליב, זײַנ הײמ, מיט אַלצ אונ מיטאַנאַנדער:

די טײַכנ אונ די בערג, די וועלדער אונ דעם ווינט.
דו טו א קוק אפ אים, אונ זאָל ער דיר א טרייסט זײַנ,
אינ אויג אים קוק ארײַנ, אונ ס'וועט דיר ווערנ קלאָר:
דאָס האָבנ מאַמעס ייִדישע אינ לאַנד פונ נײַעם ברײשים
דעם פאָלק געשענקט א דאָר — ביראָבידזשאנער דאָר!

1947

# אינהאלט

## דאָס געזאנג וועגנ יויסעף בומאגינ



## וואָרצלענ

## געפּרוווט אין פֿײַער

## בירָאבידזשאנער דאָר

## באמערקטע דרוקפֿעלערנ

| זײַט | שורע | אָפּגעדרוקט | דאַרף זײַנ |
|---|---|---|---|
| 129 | דריטע פֿונ אונטנ | גליט | ליגט |
| 139 | נײַנטע פֿונ אויבנ | מילדע | מידע |

א. ווערגעליס — „בּיראָבּידזשאנער דאָר“.

А. ВЕРГЕЛИС

# БИРОБИДЖАНСКОЕ ПОКОЛЕНИЕ

(на еврейском яз.)

Редактор *А. Кушниров.* Техредактор *Ф. Фрумкина.*

Подписано к печати 22/V-48 г. Б—00226. Печатн. листов 5,5. Уч.-изд. 3,71.
Тираж 4000. Заказ 37. Формат бум. 70x108 1/32.

Типография Госиздательства „Дер Эмес", Москва, Старопанский пер., 1.